ד'

# מֶענְשְׁלִיכֶע עֶנְטְווִיקְלוּנְג

(קוּלְטוּר-גֶעשִׁיכְטֶע)

פערפאסט פון

פ. שטרייסלער;

פריי איבערזעצט דורך

א. ברעסלער.



ווארשא. תרס"א.

דרוק' פון מ. י. האלטער עט קאמפ', נאלעווקי 7.

---

ДИ МЕНШЛИХЕ ЭНТВИКЛУНГЪ

т. е.

Исторія человѣческой культуры

Ф. ШТРАЙСЛЕРА

перевелъ съ русскаго перевода А. БРЕСЛЕРЪ.



ВАРШАВА. 1901.

Тип. М. И. Гальтера и Комп., Налевки № 7.

## I.

# דֶער עֶרְשְׁטֶער שְׁטַאנְד פוּן דֶער מֶענְשְׁהַייט.

לויט ד"ר וואַקסמוטס מיינונג, איז דער מענש אויף דער ערד ניט אַזאַ קליין בעשאֶפֿעניש, ווי די קַבָּלָה סְפָרִים שטעלען איהם פֿאָר; זייער לעבען איז נישט בלויז אַ פּרוזדור (פֿאָרהויז) פֿאַר אַ אַנדער אונבעוואוסטען לעבען, נור טאַקי דאָס ערדישע לעבען אַליין, האָט אַ גאַנצען ווערטה. „אָדָם יְסודו מֵעָפָר", איז לויט זיין ערקלערונג, ניט אַזוי ריכטיג. דער מענש וואַקסט ניט פֿון דער ערד אונ זי הערשט ניט איבער איהם, נור זיי זענען צוזאַמען געבונדען, ווי אַ חָתָן מיט אַ כַּלָה. ד"ר וואַקסמוט רופֿט אָן די ערד: „דעם מענשענס כלה מיט אַ אונגעהויער רייכען נְדַן".
לויט די פֿערגלייכונג, מוזען מיר געוואֶהנליך זאָגען, אַז דער שידוך צווישען מענשען מיט דער ערד, איז געוואָרען נאָך דעם מענשענס בעשאַפֿען ווערען.

דאָ קומען מיר אַרויף אויף די אַלטע פֿראַגען: ווען איז דער מענש בעשאַפֿען געוואָרען? אונ צי איז ער באַלד מיט איין מאָל בעשאַפֿען געוואָרען ווי אַ מענש, ד. ה. אין דעם זעלבען פֿאָרים, ווי ער זעהט היינט אוים?

דאַרווין בעווייזט מיט פֿיעל פֿאַקטען, אַז קיין איין לעבעדיגע בעשעפֿניש איז ניט בעשאַפֿען געוואָרען אין דעם זעלבען פֿאָרם, ווי מיר זעהען עס היינט. לויט זיין ערקלערונג, האָבען זיך די האֶכערע לעבעדיגע סאָרטען לאַנגזאַם, לאַנגזאַם ענטוויקעלט פֿון די נידעריגערע סאָרטען, דער מענש איז שוין דער לעצטער רונג אין דער לאַנגער קייט פֿון דעם טוישען דעם קערפּערליכען פֿאָרם אונ גייסטליכען לעבען, וואָס אַלע בעשעפֿענישען טוישען זיך איבער. דער מענש האָט שוין ערךייכט די שטופֿע ענטוויקלונג, אויף וועל-

בער קיין שום אַנדער בעשעפֿניש איז נאָך נישט געשטאַנען; נור אויף ריכטיג צו בעשטימען דעם מאָמענט, ווען פֿון אַ חיה איז געוואָרען אַ מענש, איז זעהר שווער.

דאָ ערוועקט זיך ווידער אַ פֿראַגע: צי קומט דער מין מענש אַרויס פֿון איין וועלט־פונקט, אונ פֿון דעם איינעם פונקט האָט ער זיך אַלע מאָל מעהר פֿערשפּרייט אין אַנדערע ערטער, אָדער דאָס איבערגעהן פֿון אַ חיה אויף אַ מענש איז פֿאָרגעקומען אין פֿערשיעדענע וועלט־טהיילען, אונ מיר ברויכען דעריבער צוביע־טראַכטען פֿערשידענע ערטער, פֿאַר פונקטען, פֿון וועלכע עס האָט זיך אָנגעפֿאַנגען די קולטור?

מיר קענען ניט רעכענען, אַז דאָס מענשליכע געשלעכט וואַקסט פֿון אַזא אַיינצעלנער חיה, וועלכע איז גראַדע בעגליקט גע־וואָרען פֿון דער נאַטור מיט העכערע פֿעהיגקייטען, ווי איהר גאַנצער מין, דען קיין איין לעבענדיג בעשעפֿניש האָט זיך נישט אַליין ענטוויקעלט אַנדערש ווי איהר מין, אויף אַזוי פֿיעל, אַז עס זאָלל פֿון איהר אַרויסקומען גאָר אַ אַנדער סאָרט פֿעהיגע־רע חיה. דאָס איז אַ אונמעגליכע זאַך, ווייל יעדע איינצעלנע חיה איז גלייך, ווי דער גאַנצער מין, אָבהענגיג פֿון די אַרומיגע בעדינגונגען פֿון זייער לעבען. ווען, למשל: אַ געוויססער סאָרט חיות לעבען אין אַ וואַלד אויף אַ אינזעל, מוזען זיי אומקומען, ווען דער וואַלד ווערט פֿערניכטעט. עס וועט זיי ניט העלפֿען, ווען אפילו איינער אָדער צוויי ווייסען גראַדע פֿון פֿיש חאַפּען, אונ זענען דעריבער אימשטאַנד צו לעבען אויסערן וואַלד אויך. דער גאַנצער מין מוז באַלד אויסשטאַרבען. אונ דער איינער אָדער די צוויי, וועלכע קענען פֿיש חאַפּען, וועללען אַביסעל לענגער לעבען, אָבער די קונסט פֿון פֿיש־פֿיינגעריי וועט אָפּשטאַרבען גלייך מיט זיי.

גאַנץ אַנדערש אָבער קומט די זאַך פֿאָר, ווען דער וואַלד ווערט פֿערניכטעט ביסליכווייז, לאַנגזאַם, לאַנגזאַם, אין אַ מֶשֶך פֿון טויזענדער יאָהרען, דאַן קומט דאָס צוגעוואָהנען זיך צו אַנאַנ־דער אַרט לעבען אויך זעהר לאַנגזאַם. אַזוי לאַנגזאַם, אַז עס בלייבט ניט בעמערקט אפילו אין אַ גאַנצען דור. די חיות, וועלכע

האָבען פריהער געלעבט בלויז אויף די בוימער, לאָזען זיי זיך דאָרט זעלטען אַמאָל אַראָפּ אויף דער ערד זעהען, צו עס גע־פונט זיך ניט פיר זייערט־וועגען דאָרטען עפּעס שפּייז. זיי זוכען אוים אויף דר׳ערד אַזעלכע געוויקסע, אָדער לעבענדיגע ברואים, וואָס זענען שוואַכער פון זיי, אונ וועלכע זיינען אַזוי נאַהרהאַפ־טיג, ווי די שפּייז, וואָס געפינט זיך אויף די בוימער. פון אַנ־פאַנג האַלטען זיי די נייע שפּייז ניט מעהר ווי אויף אַ נאַשעריי, אָבער מיט דער צייט, אין אַ מֶשֶך פון טויזענדער יאָהרען, לויט ווי די בוימער ווערען, וואָס אַ מאָל ווייניגער אונ צוזאַמען מיט זיי ווערט אויך קנאַפּער די אַלטע שפּייז, ווערט שוין די נייע שפּייז אַלץ מעהר געברויכט ביז זי ווערט צום סוף די איינציגע שפּייז זייערע. נאָר גלייך ווי עס טוישט זיך די שפּייז, ברויכט זיך אויך צו טוישען, ביי די טהיערען, דער געבוי פון זייער קער־פער. די לאַנגע שטאַרקע פיס מיט די שטאַרקע פינגער אָדער לאַנגע נעגעל, וועלכע זיי האָבען פריהער זעהר אָפט בענוצט אויף צו קלעטערן איבער די בוימער, אָנצוחאַפּען די גראָבע צווייגען אונ צו חאַפּען די שוואַכערע בעשעפעניסען, וואָס גע־פינען זיך אויף די בוימער, פערלירען די פיס אונ די נעגעל, ביי אַ אַנדער אָרט לעבען, זייער פריהערדיגע קראַפט אונ ענטוויקלונג, וואָס מעהר עס קומט זיי אוים צו זיין אויף דרערד. דער לאַנגער עק, וועלכער דינט ביין קלעטערן איבער די בוימר, אויף אַרומ־צונעמען די צווייגען אונ אויף אָנצושפּאַרען אָן איהם דעם קער־פער, ווערט יעצט, אַז מען בענוצט איהם ווייניגער — קירצער. דורך דעם נייעם סאָרט שפּייז ווערען די ציינער שאַרפער אונ שטאַרקער אָדער שוואַכער אונ טעמפּער, עס ווענדט זיך נאָר אויב די פרישע שפּייז איז שווערער אָדער גרינגער צו צעבייסען. דער חוש הָרֵיח ווערט שאַרפער, דען ער ברויך צו העלפען זוכען שפּייז אויף דרערד, דאָרט, וואו מיט׳ן אויג קען מען ניט דער־זעהן. די אויגען ברויכען אויך אַנדערש ווערען, ווייל זיי האָבען פיר זיך יעצט אַ גרעסערען פלאַץ צו קוקען איידער אויף די בוי־מער, וועלכע האָבען פערשטעלט דעם האריזאָנט. אָט אויף אַזא אויפ׳ן קומט אַרוים אין אַ מֶשֶך פון טויזענדער יאָהרען נאָר

אַ אַנדער מין חיה, אָבער ניט קיין נייע בעשעפענעס; נאָר פון דעם פריהערדיגען מין גופא האָט זי זיך ביסליך־ווייז, ביסליך־ווייז ענטוויקעלט. ניט קיין געגאַליע איינצעלנע חיה, האָט אַרוים געד רופען די ענטוויקלונג, נאָר דער גאַנצער מין האָט איבערגעטראָ־ גען אויף זיך די פערענדערונג דורך דעם קראַפט פון די אַרומיגע בעדינגונגען. דאָס אַלעס, וואָס מיר האָבען דאָ געזאָגט, קען אויך געהן אויפ'ן מענשען, וויל גלייכע בעדינגונגען ברויכען אומעטום הערוים צו רופען גלייכע פאָלגען.

דאָס פערשטעהט זיך, אַז די פערשטענדליכע (אינטעלעק־ טואַלע) פעהיגקייטען פון מענשען, האָבען זיך נור דאַן אָנגעהויד בען צו ערוועקען, ווען עס האָבען איהם דאַצו ערוועקט אויסער־ ליכע אורזאַכען, וואָס זענען ניט אָבהענגיג פון איהם זעלבסט.

אין די גליקליכע געגענדען (ריכטיגער געזאָגט, די אומ־ גליקליכע), וואו דער מענש האָט געהאַט אַזוי פיעל שפייז, אַז ער האָט נור געברויכט אויסצוציהען די האַנד אום זיי צו בעד קומען, וואו די וואַרימע ליעבע לופט האָט איהם נישט דער־ מאָנט, אַז ער געהט נאַקעט, אָט אין די געגענדן האָט דער מענש געקענט בלייבען שטעהן אויף זיין ערשטען גייסטליכען שטאַנד און איז נישט געווען געצוואונגען צו ענטוויקלען זיינע איינינע פעהיגקייטען. ווי דער מענש ווערט אָבער געניט צו זאָרגען וועגען זיין לעבענסמיטעל, דאַן הויבט זיך אָן די מלחמה צווישען איהם מיט דער נאַטור, וועלכע ער פיהרט מיט די הילפע פון זיינע פערשטענדליכע פעהיגקייטען און שטרעבט שטענדיג דאַצו, דאָס ער זאָל זיעגען די נאַטור קרעפטע אום די מענשהייט זאָל זיך מיט זיי בענוצען פאַר איהר געברויך. אַלזאָ זעהען מיר, אַז דאָס לעבענספערזאָרג איז דער ערשטער טריט צו קולטור.

אַזעלכע אֶרֶץ זָבַת חָלָב וּדְבָשׁ, וואו מען האָט נישט גע־ ברויכט צו זאָרגען וועגען לעבענסמיטעל, איז געווען זעהר ווע־ ניג; דערצו האָבען די מענשען פון די גליקליכע געגענדען, אויך ניט אייביג געקענט בלייבען אין זייער גַן עֵדֶן, דען דאַדורך, וואָס זיי האָבען געהאַט פיעל שפייז האָבען זיי זיך שטאַרק

פֿערמעהרט, די צאָהל זייערע האָט זיך פֿערגרעסערט און האָבען דעריבער געמוזט זיך פֿערשפּרייטען אין פֿערשידענע ערטער. אָט דאָ האָט זיך געבּרויכט אָנצופּאַסען דאָס צופּאַסונג פֿון דעם אור־מענשען צו די אַרומיגע בּעדינגונגען. דאָרט איז ער געצוואונגען געווען אויסצולערנען זיך צוּבּעקומען די נויטיגע לעבּענס־מיטעל, דורך קינסטליכע מיטלען, ווייל די נאַטור זעלבּסט האָט איהם שוין דאָרט ניט געגעבּען. ניט בּלויז צוליבּ דעם וואָס דאָס בּעפֿעלקערונג האָט זיך פֿערגרעסערט האָט דער מענש געמוזט אויסוואַנדערען אין קעלטערע ערטער און איז געצוואונגען גע־ווען דאָרט צופּאַסען זיין לעבּען לויט דער אַרומיגער נאַטור, נאָר אויך, אויפֿין פֿריהערדיגען אָרט גופֿא האָט זיך דער קלימאַט בּיסליכווייז געטוישט און איז געוואָרען קעלטער, אַזוי, אַז אפֿילו דאָרט האָט דער מענש שוין געמוזט צופּאַסען זיך צו אַ שווערע־רען לעבּען. אַז דער קלימאַט האָט זיך אַלע מאָל בּיסליכווייז געטוישט און דאָס מענשליכע געשלעכט האָט אַזעלכעס איבּער־געטראָגען, איז שוין הייַנט גאָר קיין צווייפֿעל אין דעם נישט.
די פֿעהיגקייט פֿון צוגעוואָהנט ווערען צו פֿערשידענע קלימאַטען (אַקלימאַטעזירען זיך) איז בּיין מענשען ניט אין ערך שטאַרקער ווי בּיי טהיערען. קיין איין לעבּעדיג בּעשעפֿעניש קען ניט לעבּען אַזוי ווי אַ מענש אי אונטערן עקוואַטאָר, (וואו עס איז די שטאַרק־סטע היץ) אי אין שפּיצבּערג, (וואו עס איז די שטאַרקסטע קעלט).
אַ זֵכֶר פֿון דעם אַמאָליגען אור־מענשען, וועלכער איז גע־שטאַנען אויף די נידריגסטע שטופֿע פֿון קולטור, געפֿינען מיר היינט אין דעם „בּושמען" פֿון זיד אַפֿריקא. דאָס איז דער רעשט פֿון די ערשטע בּעפֿעלקערונג פֿון דער שוואַרצער טהייל וועלט (וואו די מענשען זיינען שוואַרצע). אָט די ערשטע שוואַרצע מענשען זיינען בּיסליכווייז אַרוים געשטופּט געוואָרען פֿון די דונקעל־בּרוינע נעגרישע ראַסע. די מִצְרִיִים זיינען געווען אַ רויטליך — בּרוינע ראַסע, ווייטער פֿון זיי געפֿינען זיך די ליבּייצעס, אַ ראַסע, מיט אַ ווייס־בּרויניג הויט. די שוואַרצע ראַסע איז די פֿאָרשטעהערין פֿון די נידריגסטע שטופֿע קולטור און זי ווערט בּיסליכווייז אַרוים געשטופּט פֿון יענע ראַסען, וועלכע

האָבען אַ העלערע הויט. אַזיען איז, אין דער פּאָרהיסטאָרישער צייט, אויך געווען בעזעסען פון אַ שוואַרצע ראַסע, נאָר זי איז שוין אין גאַנצען אויסגעשטאָרבען און דאַסזעלבע וועט מיט דער צייט זיין אויך מיט די שוואַרצע אין אַפריקא. אַלזאָ זעהען מיר אַז די ראַסען, וועלכע האָבען בעזעסען און בעזיטצען היינט די בעסטע טהיילען פון דער ערד, וואו די נאַטור גיט דעם מענשען אַלץ פון זיך זעלבסט, ווערען אַרויסגעשטופּט און איבערגעטווישט אויף יענע ראַסען, וועלכע וואָהנען אין אַזעלכע ערטער, וואו די נאַטור גיט אַרויס איהרע מתּנות דעם מענשען נור דאַן, ווען ער העלפט איהר צו מיט זיין אַרבייט.

פון וואַנען שטאַמט די פערשיעדענהייט פון די ראַסען?

זי נעהמט זיך פון דעם וואָס עס גיעבּין פערשידענע קלימאַטען. יעדע ראַסע האָט בעקומען איהר הויט קאָליר לויט דעם קלימאַט פון דעם אָרט, וואו זי איז געזעסען. יעדער איינוואָהנער פון יעדען בעזונדערן קלימאַט ווערט פון דער נאַטור בעזאָרגט מיט אַזא הויט קאָליר מיט וועלכער ער זאָל קענען עקזיסטירען אין דעם אָרט וואו ער געפינט זיך. די ענגלענדער, למשל, קענען ניט פערטראָגען דעם אסט־אינדישען קלימאַט, דאַן ווען אויף די אינדיאַנער זעלבסט מאַכט דער זעלבער קלימאַט קיין שום שלעכטען איינדריק ניט. אין די טראָפּישע געגענדען קומען די ווייסע ראַסען אום פון פיבער און צו דעם אָרגאַניזם פון די דונקעלע ראַסען קען דער פיבער ניט צוטרעטען. די שוואַרצע פיגמינט קערנדליך, וואָס געפינען זיך אין זייער הויט, איבער וואָס די הויט איז שוואַרץ, פערהיטען דעם מענשען פון די קריינק, וועלכע קומען דורך די היטץ פון קלימאַט, און פון דעם צאָהל פיגמינט קערנדליך אין דער הויט, ד. ה. פון דער דונקעלהייט פון דער הויט איז אָבּהאָנגיג דעם מענשענס פעהיגקייט צו אַקלימאַטעזירען זיך אין הייסע געגענדען. אַלזאָ זעהען מיר, אַז דער הויט קאָליר פון די פערשידענע ראַסען איז ניט גלאַט אַ צופאַל, נאָר עס איז איין שיצונג פיר דעם מענשליכען געשלעכט: דער שוואַרצער ראַסע פערהיט עס אַז זי זאָל נישט אין גאַנצען אומקומען און די ווייסע ראַסען שטערט עס זיי זאָלען נישט קענען אומעטום אַריין קריכען.

דער שוואַרצער קאָליר, וועלכער פערהיט די שוואַרצע ראַסען פון פערניכטונג, קען נאָר אַזוי לאַנג זיי פערהיטען, ווי לאַנג די ערד האַלט איהר וואַרימקייט, ווען עס זאָל אָבער ווען עס איז די ערד קעלטער ווערען אָדער די טעמפעראַטורע זאָל קלענער ווערען אויף עטליכע גראַד, וואָלטען די שוואַרצע מענשליכע ראַסען אויסגעשטאָרבען.

נאָך אין די גאַנץ אַלטע צייטען האָט מען שוין געקלערט פון וואַנען האָבען זיך גענומען די ערשטע מענשען? די, וועלכע האָבען געהאַלטען, אַז די וועלט איז אַ קַדְמוֹן, אַ אייביגעס, האָבען ערקלערט, דאָס דער מענש עקזיסטירט פון אייביג אָן אונ עס איז נאָר אומזיסט די מיה צו זוכען דעם אַנפאַנג פון מענשליכען געשלעכט. יענע אָבער, וועלכע האָבען גערעכענט, אַז יעדע זאַך וואָס עס איז דאָ אויף דער וועלט, האָט עס געמוזט ווען אַמאָל בעשאַפען ווערען, האָבען זיי ערקלערט, אַז דער מענש איז בעשאַפען געוואָרען פון דער ערד, וועלכע האָט זיך יונגער הייד בעפרוכטעט פון דער זונן. מען האָט אויך אַמאָל געקלערט וועגען דעם, ווי אַזוי מען איז דערגאַנגען צו מאַכען די אַלע פערשידענע כֵּלים, וועלכע געפינען זיך היינט ביי אונז? ווי האָט מען דעם ערשטען מאָל דערקלערט צו בויען הייזער? צו מאַכען קליידער? צו אַקערן אונ זעאָן? צו מאַכען אויוועננם? א. ז. וו. א. ז. וו. מען האָט זיך עס אויף אַזא אַרט פאָרגע־שטעלט: אַז נאָר די ערשטע מענשען האָבען פון קיין זאַך ניט געוואוסט אונ האָבען געלעבט אין העהלען, גריבער אונטער דר'ערד, הויל־נאַקעט אונ געפרוירען פון־קעלט, נאָר באַלד נאָך דעם ערשטען אָדער דעם צווייטען דור, האָבען אַלע מאָל איינצעלנע מענשען דערקלערט פערשידענע קונסטען ווי צו בויען הייזער, מאַכען כלים א. ז. וו. איינגיגע געלעהרטע האָבען זאָגאַר אָנגערופען מיט נאָמען די מענשען, וועלכע האָבען דעם ערשטען מאָל געמאַכט אין אַפיני (גריכענלאַנד) ציגעל אונ אויפגעמויערט אַ הויז. אויך דער תַּלְמוּד ערקלערט, אַז איינגיגע כלים, ווי, למשל, דער ערשטער צוואַנג איז בעשאַפען געוואָרען עֶרֶב שַׁבָּת בין השמשות, נאָר דאָס גרעסטע טהייל איז דערגאַנגען אָדם

הראשון אַליין, ווי צו אַקערן, זעען, מאָהלען, וועבען, שפּינען. א. ז. וו. עס איז דאָך אַ וואונדער ווי האָט מען דאָס געקענט דערגעהן די אַלע זאַכען? אונ ניט ווינסענדיג אויף דעם קיין ריכטיגע תשובה, האָט יעדער פערענטפערט, ווי ער האָט נאָר געקענט. מיר וועלען געוואהנליך ערפאָרשען די זאַך מיט דער הילפע פון דער וויססענשאַפט.

## II.

## ווערקצייג אונ געוועהר.

פיעל רייזענדער ערצעהלען, דאָס די אַפּען חאַפּען צווייגען פון בוימער אונ פערטהיידיגען זיך דערמיט געגען די, וואָס פאַלען אויף זיי. אונ פון דעם איז צו זעהן, אַז דאָס קענען זיך בענוצען מיט געגענשטענדען (פּרעדמעטען) אַלס ווערקצייג אָדער געוועהר ווייס ניט בלויז דער מענש אַליין אונ די קונסט קען דעריבער ניט דינען פאַר אַ צייכען אויף אונטערצושיידען דערמיט דעם מענש-ליכען געשלעכט פון דער טיערוועלט.

דאָס וויסען ווי צו בענוצען זיך מיט געוועהר אונ ווערקצייג מוז ווערען אין דער קולטור געשיכטע בעטראַכט, ווי איינע אונ ניט ווי צוויי בעזונדערע קונסטען: דען די זעלבע צווייג, וועלכע דינט אַלס ווערקצייג אויף אַראָפּ צו וואַרפען דערמיט די פרוכטען פון די בוימער, קען זי אין אַ מינוט אַרום דינען אַלס געוועהר אויף צו טוידטען מיט איהר די רויבטהיער, וועלכע פאַלט אָן אויפ'ן מענשען. די צווייגען זיינען געוועזען דעם מענשענס ערשטע ווערקצייג אונ געוועהר. דער פּראָסטער שטעקען, וועלכער איז געמאַכט געוואָרען פון אַ צווייג, איז געוועזען ווי אַ צוגעשטוקעוועטע מענשליכע האַנד. ווי באַלד דער מענש האָט זיך נאָר איבער-צייגט, דאָס די הענט זיינע זענען צו קורץ אויף צו דערלאַנגען מיט זיי די פרוכטען פון די בוימער אונ צו שוואַך אויף צו

פערטהיידיגען זיך געגען די רויבטיערען, האט איהם געמוזט אריין קומען א געדאנק צו זוכען א מיטעל, ווי אזוי זיי לייגגער אונ שטארקער צו מאכען אונ דאס מיטעל האט ער דאן געפונען אין די צווייגען. דער שטיין איז אויך געווען דעם מענשענס ערשטע ווערקצייג. עסענדיג דאס תבואה-קערנדיל צוזאמען מיט'ן שטענגעל האט ער בעמערקט, אז ווען דאס קערנדיל שיילט זיך אב אין מויל, פון שטענגעל, ווערט עס געשמאקער; נאך בעסער וואלט געווען, האט ער בעמערקט, פארן עסען אראפ צו נעמען יענע שאלען, וועלכע זיינען אזוי שווער אין מויל צו צעבייסען. אונ אזוי ביסליכווייז האט דער מענש דערקלערט צו בענוטצען דאצו א שטיין. אין מגלת רות (ב. י"ז) געפינען מיר וועגען דעם פאלגענדעס: „אונ רות האט געקליבען ביז נאכט, האט אויסגעקלאפט די קערנער פון די זיינגען אונ, ווען זי האט זיך מיט די קערנער זאט אנגעגעסען, האט זי די איבעריגע אוועק געטראגען אהיים צו דער שוויגער".

דעם מענשענס ערשטער האממער איז געווען א רונדער קיזעלשטיין, וועלכען מען געפינט פון אויבען אויף דעם ערדבאדען, ווייטער געהט שוין איין ארומגעארבייטער שטיין מיט א שפאלט, אויף וועלכען עס ווערט ארומגעדרייט א בויגענדיגע צווייגעל, וואס דינט פאר א הענד'ל, נאך דעם, געהט שוין די העכסטע פארמע דערפון, א שטיינערנער האממער מיט א אויסגיהאקטען פלאץ אויף א הענד'ל. ווען די גריכען אונ די רוימער פלעגען ארבייטענדיג אין די פעלדער, געפינען אין דרערד שטיינערנע העק, פלעגען זיי דאס רופען „פערוני" (פערון איז דער גאטט פון דונערן אונ בליצען), אדער „דונער קוילען", דען זיי האבען גערעכענט, דאס די העק זענען אראפ געפאלען פון הימעל דורך א דונער, אדער א בליץ. דאדורך זענען די שטיינער גע-ווארען ביי זיי הייליג, מען האט עס געהאלטען פאר א קמיע אונ די מכשפים פלעגען דערמיט מאכען כשוף. דער ערשטער, וועלכער האט אויפגעוויזען די פאלשקייט פון דעם נארישען אבערגלויבען, איז געווען דער מינעראלאג מיקעל מער-קאטי; ער איז דערגאנגען די ריכטיגע בעדייטונג ניט בלויז פון

שטיינערנע העק, נאָר אויך פֿון שטיינערנע מעסערס מיט פֿיילען און ער האָט ערקלערט, אַז דאָס זענען געווען און כּלים פֿון די אור־אַלטע צייטען, ווען מען האָט נאָך ניט געוואוסט פֿון מעטאַלען. מען געפֿינט היינט, גראָבענדיג אין דר'ערד, אַלטע צירונג אין וועלכע עס שטעקט, פֿאַר אַ קָמֵיע וועגען, שטיקלאַך פֿון די שטיינערנע ווערקצייג. ביי די איטאַליענער און אירלענדער רע־כענען זיך נאָך אויך איצטער אַזעלכע שטיינערנע שטיקליך, איינ־געפֿאַסט אין גאָלד, אָדער אין קופּער, פֿיר אַ טייערע קמיע.

מען האָט געמאַכט כּלים ניט נור בלויז פֿון שטיינער, נאָר אויך פֿון ביינער און מושעלן. עס איז דאָ היסטאָרישע בעווייזונ־גען, אַז מען האָט פֿון שטיינער אויסגעאַרבייט זעהר פֿיעל פֿער־שידענע כּלים. פֿיער רעליגיאָזע לעגענדען בעווייזען, אַז אין דער צייט, צו וועלכער די לעגענדע געהערען, זענען געווען בלויז שטיינערנע אינסטרומענטען.

אין אַלטע חינעזישע שריפֿטען ווערט דערצעהלט, אַז די חינעזער האָבען אַמאָל געהאַט שטיינערנע געוועהר.

דאָס איבערגלויבישען בליק אויף די „דונער קוילען", וואָס האָט עקסיסטירט אין אייראָפּא, געפֿינען מיר אויך ביי די חינע־זער: אין די חינעזישע ענציקלאָפּעדי פֿון קיסר קאַנג־חי, געפֿי־נען מיר פֿאָלגענדע בעשרייבונג:

„דער פֿאָרם און דער שטאָף פֿון די „דונער קוילען" זענען פֿערשידען, עס ווענדט זיך נאָך דעם אָרט, וואו מען געפֿינט זיי, די וואַנדערענדע מאָנגאָלען בענוצען זיי פֿונקט ווי קופּער און שטאָף. איינע זעהען אויס ווי אַ האַק, די צווייטע ווי אַ מעסער און די דריטטע ווי אַ דרעשער. זיי האָבען פֿערשידענע קאָליערען, טהייל זענען שוואַרצע און טהייל גרינע. אין אַ ערצעהלונג פֿון טאַנגעם צייטען — שרייבט ער ווייטער — ווערט ערצעהלט, אַז מען האָט אויפֿגעבויט פֿאַר דעם דונער אַ בֵּית הַמִּקְדָּשׁ און דאָרט מקריב געווען פֿיר איהם קָרְבָּנוֹת, אום ער זאָל אַראָפּ וואַרפֿען אַ זעלכע שטיינער. דאָס איז ניט מעהר ווי אַ בבא מעשה, די „דונער קוילען" זענען ניט מעהר ווי שטיינער, קיזעלשטיינער, וועלכע האָבען איבערגעטוישט זייער פֿריהערדיגע פֿאָרמע דורך

אַ בליץ, וועלכער האָט זיי פלוצלינג צו שמאָלצען און צונויפגעבונדען צוזאַמען פערשידענע שטאָפען". אַזוי האָט שוין אין 16 טען יאָהרהונדערט ערקלערט דער חינעזישער געלעהרטער.

אין יאַפּאָני וואו מען געפינט זעהר פיעל שטיקליך ווערקצייג פון שטיינערנעם פעריאָד רעכענען זיי, אַז דאָס איז אַלץ אַראָפּ געפאַלען פון הימעל צו זאַמען מיט אַ רעגען; ווידער מיינען זיי, אַז אַלע יאָהר אין דערצייט פון אַ גרויסען רעגען מיט אַ שטורם, שוועבען אַרום אין דער לופט אַ גאַנצע מַחְנֶה שֵׁדים מיט רוחות און וואַרפען אָט די אַלע שטיקליך אַראָפּ. דאָרט אין יאַפּאָני נאָך אַ גרויסען רעגען מיט אַ ווינט געהען פיעל מענשען אַרום אויף די גאַס צו זוכען די שטיינערנע פיילען, וואָס די שדים האָבען אַראָפּגעוואָרפען. אָט אַזוי פערהייליגט און פערגעטערט דער מענש יעדע זאַך, ווען עס איז איהם אונבעוואוסט די אור־זאַכע דערפון, און אומעטום ווערען בעשאַפען איבער דעם די זעלבע אַבערגלויבונגען.

צוויי ערטער פון תנך בעווייזען, אַז אידען האָבען אַמאָל אויך געניצט שטיינערנע מעסערם; אין סֵפֶר שְׁמות געפינען מיר: „און צִפּוֹרָה האָט גענומען אַ שטיין און האָט מַל געווען איהר זוהן". אין ספר יהושע לעזען מיר: „און גאָטט האָט געזאָגט צו יְהוֹשֻׁעַן: מאַך די שווערדען פון שטיינער און זיי מל די אידען". אַלזאָ זעהען מיר, אַז אידען האָבען אַמאָל געמאַכט מוהל — מעסערם פון שטיינער. טיילאָר בעמערקט ביי דעם זעהר ריכטיג, דאָס אָבוואָהל היינט איז מען דאָך שוין מל מיט שטאָהלענע מעסערם, אָבער ווען דער נייגעבאָרענער שטאַרבט פאַר די אַכט טאָג, איז מען איהם פאַר די קבורה מַהל'ע ניט מיט דעם שטאָהלענעם מוהל מעסער, נאָר מיט אַ שטיקעל קיזעלשטיין אָדער מיט אַ שטיקעל גלאָז.*)

---

*) מילה איז נוהג ניט בלויז ביי יודען, דער מנהג געפינט זיך אין אלע וועלט טהיילען, אין אויסטראַליע, פאלינעזי, אַפריקא, ביי די ווילדע פון אַמעריקא, אין מעקסיקא א. ז. וו. סך הכל זענען זיך מַל ביז 200 מיליאָן מענשען ⅐ מענשען פון דער גאַנצער וועלט. אַמאָל האָט מען

די ערשטע ווערקצייג אָדער געווער, האָבען ניט נור פערבּרינגערט דעם מענשען זיין מיה צו בעקומען לעבענסמיטעל נור זיי האָבען איהם דערצו נאָך אויך געדינט, אַז ער זאָל מאַכען אַ קולטור־טריט פאָרווערטס אין איין אַנדער הינזיכט: זיי האָבען בעשאַפען פ ע ר מ אֶ ג ע ן, אָדער פ ר י וו אַ ט־א י י ג ע נ־טהום. די פּראָדוקטען, וועלכע די נאַטור זעלבּסט גיט דעם מענשען, האָבען געקענט ערשט פיעל שפּעטער ווערען פּריוואַט־אייגענטהום, ווען מען איז שוין שטאַרק צוגעוואָהנט געוואָרען אַז קיין זאַך זאָל ניט זיין פריי פאַר יעדען, נאָר עס מוז געהערן צו דעם אָדער צו יענעם אייגענטהימער. דער אַנפאַנג אָבער פון פּריוואַט־אייגענטהום האָט זיך אָנגעהויבען פון פּראָדוקטען וועלכע זענען אויסגעאַרבייט געוואָרען דורך מענשליכע הענד. דאָס אוים אַרבּייטען געצייג אָדער געוועהר, איז געווען פערבּונדען מיט פיעל שווערינקייטען אונ האָט דעריבּער, געוועהנליך, ערוועקט ביי דעם באַשעפער פון די געצייג אַ חֵשֶק נאָר זעלבּסט זיך צוּבּענוצען מיט זיין אַרבּייט. אַלזאָ זעהען מיר אַז געוועהר אונ ווערקצייג זענען געווען דעם מענשענס ערשטע פּריוואַט־אייגענטהום. זיי האָבען ענטוויקעלט דעם בעגריף פון אייגענטהום וועלכעס האָט געקריגען אין דער היינטיגער קולטור וועלט זעהר אַ גרויסע בעדייטונג.

די ענטוויקלונג פון דער מענשליכער קולטור צוטהיילט זיך געוועהנליך אויף דריי פּעריאָדען. 1) ש ט י י נ ע ר נ ע ר פּעריאָד: ווען אַלע כלים אונ געוועהר זענען געאַרבּייט געוואָרען פון שטיינער. 2) בּ ר אָ נ ז ע נ ע ר, ווען מען האָט ערפונדען בּראָנז אונ אנגעהויבען צו מאַכען דערפון כלים. 3) א י י ז ע ר נ ע ר, ווען מען האָט אָנגעהויבען צו מאַכען געוועהר אונ כלים פון אַייזען. נאָר דאָס צוטהיילען אויף שטיינערנע, בּראָנזענע אונ

זיך אין מצרים אויך מל געווען. ביי איינינע פעלקער איז מען נאָך היינט מַל מיט קיזעלשטיינערנע אונ ראָבּענשטיינערנע מעסערס. ביי אייניגע ווילדע שבטים אין אַפריקא איז נוהג אויך מילה ביי נקבות, נאָר דער בּאַרבּאַרישער מנהג האָט אַ אַנדער צוועק, ווי ביי זכרים.

אייזערנע פעריאָדען, איז ניט זעהר קיין ריכטיגע צוטהיילונג, ווייל די קולטור געפינט זיך ניט אויף דער גאַנצער וועלט גלייך, ווען, למשל, אין אייראָפּא עקזיסטירט שוין פון טויזענדער יאָהרען אייזען, געפינען זיך נאָך היינט פיעל פעלקער, וועלכע גע־ברויכען בלויז שטיינערנע געוועהר. איינינע פעלקער ווידער, זיינען גלייך איבערגעגאַנגען פון שטיינער אויף אייזען, ווייל זיי האָבען געהאַט אויפטראַגען מיט מעהר ענטוויקעלטערע פעלקער אַלס זיי זענען. איבערהויפט איז שווער צו צוטהיילען ריכטיג אויף די דריי פעריאָדען, דאַדורך, ווייל מען וואַרפט דאָך ניט באַלד אַוועק די פריהערדיגע שטיינערנע געוועהר, ווי מען געפינט נאָר אייזען, אונ צוזאַמען מיט די אייזערנע געוועהר געפינט מען פיעל שטיינערנע.

III.

## פייער אונ דאס בענוצען זיך מיט איהם.

אָבוואהל עס איז ניטאָ היינט אַזא פאָלק, וועלכע זאָל ניט קענען מאַכען פייער, דאָך איז עס קיין צווייפעל ניט, אַז די קונסט, ווי אַזוי צו מאַכען פייער, האָט דער מענש געמוזט אַמאָל אַליין דערקלערען. עס איז זעהר שווער צו דערגעהן אויב עס איז יאָ אַמאָל געווען אַזעלכע פעלקער, וועלכע האָבען נישט גע־געוואוסט, ווי צו געברויכען פייער.

געוועהנליך ברויכט מען צו רעכענען, אַז דאָס ערשטע פייער האָט דער מענש איבערגענומען פון אַ ברענענדען בוים, וועלכער האָט זיך אָנגעצונדען פון אַ בליץ, נאָר דער געלעהרטער פ ע ש ע ל בעמערקט ביי דעם זעהר ריכטיג, דאָס ביי אַזא צו־פאַל וואַרפט זיך דעם מענשען אין די אויגען אַריין די פערניכ־טענדע קראַפט פון פייער אונ דאָס קען איהם דעריבער נישט ערוועקען אַ חשק צו ווועלען זיך בענוצען מיט אַזא מורא׳דיגע

קראַפֿט. נאָר ערשט דאַן, ווען דער מענש האָט בעמערקט די גוטע ווירקונג פֿון פֿייער האָט איהם אָנגענומען אַ חשק צו בע־נוצען זיך דערמיט אונ צו מאַכען אַליין פֿייער. דעם מענשענס ערשטער אינסטרומענט צו מאַכען פֿייער איז אַ איינפֿאַכער עג־בער, נאָר נאָך איידער מען האָט דעם אינסטרומענט ערפֿונדען, האָט מען שוין אויך געוואוסט פֿון פֿייער אונ דערמיט זיך בע־נוצט. מאַכען פֿייער איז דעם אור־מענשען זעהר שווער אָנגע־קומען, דעריבער האָבען זיי דאָס אַזוי שטאַרק געהיט אונ פֿלעגען אפילו אין וועג מיטטראָגען ברענענדע האָלעוועשקעס, אויף דער נאַכט זענען געווען געשטעלט עקסטרע וועכטער, וועלכע האָבען געהיט דאָס פֿייער, אַז עס זאָל ניט אויסגעהן, איבערהויפּט האָבען זיך מיט דעם פֿערנומען די פֿרויען. דאָס, וואָס מען גע־פֿינט בײַ פֿיעל פֿעלקער פֿערשידענע עֲבֵרות אונ מִצות אין דער בעצוהונג צו פֿייער, ווי למשל „נֵר תָּמִיד", „הייליגעם פֿייער" א. ז. וו. זאָגט עֵדות אויף דער צייט, ווען דאָס בעקומען פֿייער איז געווען אָנגעשטרענגט מיט פֿיעל שוועריגקייטען. עס איז זעהר וויכטיג צו בעמערקען, אַז די ערשטע אינסטרומענטען אויף צו בעקומען פֿייער זיינען אין אַלע וועלט טהיילען געוועזען די זעלבע. מען זעהט אַלזאָ, דאָס די דריקונג פֿון דער נאַטור ערוועקט דעם מענשען אומעטום צו זוכען מיטלען ווי צו פֿער־בעסערען זיין שלעכטע לאַגע אונ דאַדורך זענען די ערשטע ערפֿינדונגען אומעטום גלייך.

דער עגבער אין זיין איינפֿאַכען פֿאָרם, ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, ווערט אומעטום געברויכט אויף צו מאַכען פֿייער, מיט אַ קליינעם, נישט קענטיגען שִׁנוּי, בײַ איינִיגע פֿעלקער. ווען דער אויסטראַליער וויל בעקומען פֿייער, נעמט ער אַ שטאָק פֿון טרוקען האָלץ און שטעלט איהם אַרויף אויף אַ פּלאַטשיקע שטיק האָלץ וועלכע ער האַלט צווישען די פֿיס אונ דרייט דעם שטאָק מיט די הענד פונקט ווי אַ שפּינדעל, אין קנאַפּע צוויי מינוט בעקומט ער פֿון דעם אַ קליין פֿייער, וועלכען ער איז פעהיג געשיקט צו פֿערנאַנדער בלאָזען. אַ וויכטיגע ראָלע שפּיעלט בײַ דעם פֿייער מאַכען דאָס סאָרט האָלץ, דעריבער קומט עס איינִגע

פֿעלקער אָן שווערער און אַנדערע גרינגער. די פּאַטאַגאָנער (אין
זיד=אַמעריקא), ווען זיי ווילען מאַכען פֿייער רייבען זיי צוויי
שטיקער האָלץ איינע אָן די אַנדערע. נאָר די איינוואהנער פֿון
די אינזלען, וועלכע זענען בעוואוסט אונטערן נאָמען: „פֿייער=
לאַנד" בעקומען זיי שוין פֿייער דורך אַ בעסערען און העכערען
מיטעל: זיי קלאַפּען אַרויס פֿונקען פֿון אַ שזועלעזנאַק מיט אַ קיזעל=
שטיין. די קונסט פֿון מאַכען פֿייער מיט קיזעלשטיין, זעהט אויס,
איז צו גלייכער צייט ערפֿונדען געוואָרען פֿון איינִיגע פֿעלקער.
פֿון פֿערשידענע גריכישע ביכער זעהען מיר הערויס, אַז זיי
האָבען שוין געוואוסט פֿון ברען גלעזער אָן וועלכע מיר פֿער=
רייכערן יעצט, אַלס שפּילכעל, אַ פּאַפּיראָס, זיי אָבער האָבען זיך
מיט דעם בענוצט, אין זייער טעגליכען געברויך אויף צו מאַכען
פֿייער. די חינעזער האָבען אויך געוואוסט פֿון ברען גלאָז. ווייל
עס איז אַמאָל זעהר שווער אָנגעקומען צו מאַכען פֿייער האָט
מען דעריבער דאָס פֿייער געהאַלטען זעהר טייער און אַזוי
עס ביסליכווייז פֿערהייליגט, אפֿילו היינט גלויבען נאָך פֿיעל
פֿעלקער, אַז אַ פֿייער „לדבר מצוה" קען פֿערהיטען פֿון פֿער=
שיעדנע צָרות ניט בלויז טוידטע נאָר אויך לעבעדיגע. אין
ענגלאַנד ביז דעם יאָהר 1826 און אין האַנאָווער (דייטשלאַנד)
ביז דעם יאָהר 1828 פֿלעגט מען אָפּט מאַכען אַ זעלכע „נויט=
פֿייער" פֿון וועלכע דער פֿאָרשונגסרייזענדער ר י י ז ק ע ערצעהלט
פאָלגענדעס: „ווען צווישען די פֿיה פֿלעגט זיך מאַכען אַ עפּידעמיע,
איז אום די מַגֵפה איינצושטילען, פֿלעגען די פּויערן בעשליסען צו
מאַכען אַ „נויטפֿייער" וועלכעס איז בעשטאַנען אין דעם, דאָס
אין דעם בעשטימטען טאָג האָט זיך ניט געטאָרט געפֿינען אין
גאַנצען דאַרף קיין שום פֿייער אויסער דאָס „נויטפֿייער".
אויף צו מאַכען דאָס „נויטפֿייער" פֿלעגט מען פֿון יעדע
שטוב ברייגען שטרוי און טרוקענע שטיקליך האָלץ.
אַ אויסגעהוילטע דובאָווע קלעציל פֿלעגט מען אַריין קלאַפּען
אין דר'ערד און אין איהר הויל פֿלעגט מען אַזוי לאַנג דרייען

אַ גראָבען שטאָק ביז ער פלעגט זיך אָנצינדען, אונ מיט די שטרוי אונ טרוקענע העלצליך האָט מען דעם פייער שטאַרק פערנאַדערט געבלאָזען. דאַן האָט מען איניגע מאָל מיט בייט־שען אונ שטעקענס, אַ דורך געטריבען די פיה, צווישען דעם פייער, אונ דאָס, האָבען זיי געגלויבט, איז אַ סְגולה, אַז די מַגֵפה זאָל אויפהערן. *)

נאָר לאָמיר זיך צוריק אומקערן צו די אור־אַלטע מענשען אונ זעהען צו זיי האָבען געוואוסט ווי אַזוי צו בענוצען זיך מיט פייער פאַר זייער געברויך. געוואָהנליך פערשטעהט זיך, אַז ניט באַלד ווי דער מענש האָט ערפונדען פייער איז ער גלייך דער־גאַנגען ווי זיך דערמיט צו בענוצען. אַם העכסטען האָט איהם געקענט פון אַנפאַנג איינפאַלען אָנצוואַרמען זיך ביים פייער, דאַן ווען עָס איז איהם קאַלט געווען. נאַכהער האָט ער געוויס בעמערקט, אַז אַ פייכטע זאַך טריקענט זיך ביים פייער אויס. פון דעם אַז געטריקענטע פלייש קען לייכגער ליגען ווי ראָהע האָט דער אור־אַלטער מענש געברויכט צו בעמערקען פון דער זונן, וועלכע האָט איהם אַליין, אָהן זיין ווילען, אויסגעטריקענט זיין יאַגד פלייש אונ נאָך די ערפינדונג פון פייער האָט דער מענש געוויס אָנגעהויבען צו בענוצען דאָס פייער אויף אַזוינע זאַכען, וואָס די זונן פלעגט פריהער אַליין פיר איהם טהון. פון טריקענען איז שוין ניט ווייט געווען צו דערוויסען זיך פון בראָטען. נאָר אויף דער שטופע פון בראָטען זענען די פעלקער געבליבען

*) אין ר' שמעון בן יוחאים יאָהר צייט קלייבען זיך אויף פיעל מענשען פון פערשידענע ערטער אויף זיין קבר אונ עס ווערט ראָרט נעמאַכט א גרויסער פייער. אין דעם פייער וואַרפט יעדער אַריין דעם טייערסטען חפץ וואָס ער האָט נאָר, מען זאָלעוועט ניט קיין זיידענס אונ קיין סאַמעט, דען מען איז שטאַרק איבערצייגט, אַז דאָס איז אַ גרויסע סגולה צו פערהיטען פון פער־שירענע אומגליקען.

אין פיעל שטאָדט ווערט אום שמיני עצרת אונ שמחת תורה פער־ברענט אויפ'ן שול הויף דער סכך פון סכות אונ דער המון גלויבט, אַז דאָס פערהיט פון שרפות.

שטעהן אַ לאַנגע צייט אונ נאָך היינט געפינט זיך אַזעלכע ערטער, וואו מען ווייס ניט פון קאָכען.

דאָס איבערגעהן פון בראָטען אויף קאָכען האָט דעריבער אַזוי לאַנג געדויערט, ווייל צו קאָכען מוז מען שוין האָבען אַ כּלי, וועלכע זאָל ניט צופלאַצט ווערען אין פייער אונ דורך וועלכער עס זאָל ניט קענען אויסרינען דאָס וואַססער.

איינינע פעלקער פלעגען בראָטען אויף שפּיזען, איינינע אויף הייסע שטיינער אונ אַנדערע פלעגען די שפּייז אַרויף לייגען אויף הייסען אַש.

די פּאַטאַגאָנער פלעגען אַריין לייגען אַ נ׳אָנגעליהעטען שטיין אין אַ מאָגען פון אַ סטרויס אונ דעם מאָגען פלעגען זיי נאָך פערבעהאַלטען אין הייסען אַש אונ נאָכהער עסען איהם אין אַבגעבראָטענעם. די קונסט פון בראָטען האָט זיך טאַקע ענט־וויקעלט דאַדורך, ווייל עס האָט אַ לאַנגע צייט געדויערט ביז וואַנען מען האָט געפונען אַ מיטעל ווי אַזוי צו קאָכען.

אַז מען האָט זיך אויס געלערנט בראָטען, איז שוין ניט אַזוי שווער געוועזען צו ערקלערען זיך, ווי צו באַקען.

אַז דער מענש האָט נאָר אַמאָל געגעסען די טרוקענע קערנער מיט וואַססער אונ געפיהלט אין דעם אַ בעסערען גע־שמאַק, ווי אין בלויזע טרוקענע, איז איהם, זעלבסט פערשטענדליך, איינגעפאַלען אויסצומישען מעהל מיט וואַססער אונ צו עסען דאָס פערמישטער הייד, אָבער אום דאָס פערמישכץ זאָל זיך צוזאַמען האַלטען האָט מען דאָס געטריקענט נעבען פייער ד. ה. מען האָט געבאַקען. אָט אויף אַזא אופן איז ערפונדען געוואָרען ברויט. די איראָקעזען פלעגען מאַכען אַזעלכע קוכענס פון מאַאיס מעהל פערמישט מיט וואַססער אונ די קוכענס פלעגען זיי איינוויקלען אין בלעטער, אַריין לייגען אין הייסען אַש אונ פון אויבען פלעגען זיי נאָך אַרויף לייגען הייסע קוילען אונ אַזוי האָט עס זיך אויסגעבאַקען, ווי אַ מין ברויט.

אפילו אין אייראָפּא באַקען נאָך היינט אין אַנדערע ערטער די פויערן אַזא ברויט. אָט דאָס ברויט איז אַזא מין, ווי די אַמאָליגע מצה וועלכע פערשידענע פעלקער האָבען געבאַקען פון

אלערלייַ תבואות; אָט די מצות עסען נאָך היינט די בעדואינער (וועלכע פיהרען אַ וואַנדערענדען לעבען) אונ די אידען האָבען דאָס געגעסען די גאַנצע צייט, ווען זיי זיינען געווען אין מִדְבָּר אונ געפיהרט אַ וואַנדערענדען לעבען; נאָר ערשט דאַן, ווען זיי זענען איבערגעגאַנגען צו אַ היימישען לעבען אונ זיך בעזעצט אין פאַלעסטינא, האָבען זיי זיך בעקאָנט מיט זויערן ברויט (חָמֵץ). דאָך האָבען זיי דאַן נאָך ניט געבאַקען קיין ברויט, נאָר געטריקענט די טייג אויף הייסע קוילען (עֻגת רְצָפִים, מלכים א יט. ו). אַזוי האָט מען ביסליכווייז געקריגען אַ בעגריף פון קאָכען שפּייז; נאָר אַזא קאָכען, ווי מיר מיינען, איז ניט מעגליך געווען, כּ״יהער, איידער מען האָט ערפונדען אזא כּלי, וועלכע זאָל ניט צופלאַצט ווערען אין פייער. דעם מענשענס געשיר איז אין די אור־אַלטע צייטען בעשטאַנען בלויז אין אַזעלכע, וועלכע געפינען זיך אין דער נאַטור אונ האָבען אַזא פאָרם, ווי אונזער געשיר. דעם בושמענס איינצעלנע געשיר איז אַין אֵיי פון אַ שטרויס. אין אַנדערע ערטער האָט מען גענוצט פאַר געשיר די שאָלעכטס פון קאָקאָס־נים. איבערהויפט האָט מען זיך בענוצט מיט קירבעס שאָלעכטס. פאַר אַ־שעפּ אויף וואססער האָט געדינט די מושעלשאָל פון אַ טשערעפּאַכע, אַ מענשליכער שאַרבען האָט אויך דערצו געקענט ניצען. די אויסטראַלער האָבען שוין געקענט פערשמירען מיט סמאָלע די לעכליך פון אַזא שעפּ אונ זיי האָבען געוואוסט ווי צוצומאַכען צו דער שעפּ אַ הענטיל פון האַרטע גראָזען.

דער מענש האָט ביי דעם, אַזוי ווי ביי פייער, אָנגעהויבען נאָכצומאַכען די נאַטור אונ האָט געמאַכט פון האָלץ אָדער אוים־געפלאָכטען פון קאָרע פונקט אַזעלכע כּלים, ווי מען געפינט אין דער נאַטור אונ אום די הילצערנע אָדער געפלאָכטענע כּלים זאָלען ניט פערברענט ווערען, ווען זיי שטעהען מיט עפּעס נעבען פייער, האָט ער אָנגעהויבען אַרום צו שמירען זיי מיט נאַסע ערד אָדער ליים; דאַן האָט ער געווים בעמערקט, אַז די ליים ווערט פון פייער פערהאַרטעוועט, ווי שטיין.

נאַכהער איז שוין לייכט געווען צו קלערען, אַז אַנשטאָט צו שמירען די הילצערנע כּלים מיט ליים, זאָל מען בעסער

מאַכען כלים פון בלויזע ליים, אונ אַזוי איז אַרויסגעקומען ליימענע טעפּ. מיט די ליימענע טעפּ האָט מען שוין אָנגעהויבען ביסליכווייז צו קאָכען שפּייז מיט וואַססער, אונ אַזוי איז אַרויס־געקומען דאָס קאָכען.

---

# IV.

## די טיערוועלט, פפלאַנצען אונ זייער ווירקונג אויף דער קולטור.

דאָס פאָלק, וועלכע וויים פון מילך פּראָדוקטען אונ פיהרט אַ מילכווירטשאַפט, שטעהט שוין אויף אַ הויכע שטופע פון קולטור, דען אום מילך זאָל זיין ביי'ן מענשען אַ רעגעלמעסיגע שפּייז, ברויכט מען דאַצו האָבען אַ איינגעאָרדענטע ווירטשאַפט פון פיה־צוכט (פיה האָדעווען), אונ אַ געוויססען בעגריף האָבען פון פּריוואַט־אייגענטהום.

ווי אַזוי מען האָט פון אַנפאַנג בעקומען פון די פיה די מילך קענען מיר פערשטעהען, ווען מיר וועלען צוקוקען זיך היינט צו די זולוסען אין אַפריקא, וועלכע רעכענען זיך פאַר די בעסטע פיה צוכטער.

דער זולוס זייגט מיט'ן מויל ביי דער קוה די מילך אונ פון מויל גיסט ער עס אַריין אין אַ כלי. אַזא קליינינגקייט, ווי מעלקען, האָט אויך געמוזט לאַנג געדויערן ביז דער מענש האָט עס ערפונדען.

די אויסגעזייגענע מילך פלעגען זיי האַלטען אין אַ לאָגול פון אַ טיערען־פעל פון וואָס, זעלבסט פערשטענדליך, די מילך פלעגט גיך זויער ווערען.

נאָר די ווילדע שבטים האָבען נישט ליעב קיין זיסע מילך אונ ביי די זיד־אַפריקאַנישע פעלקער איז פערבאָטען, דורך אַ שטרענגען מנהג, ערוואַקסענע מענשען צו טרינקען זיסע מילך.

אז די מילכיגע שפייז האט ביי זיי ניט געשפילט קיין גרויסע ראלע, זעהט מען פון דעם, וואס די שווארצע ראסען גלויבען, דאס פאר די טיערען איז שאדלעך ווען מען בענוצט זיך מיט זייער מילך.

אין גאנץ מזרח־אפריקא רעכענט זיך פאר א עבירה צו קאכען מילך, ווייל עס שאדט דער קוה; ביי יענע פעלקער ווידער, וועלכע איז שוין אפילו ניט פערבאטען צו געברויכען מילך, טארען זיי דאך די מילך ניט טרינקען צוזאמען מיט אנדערע שפייז, אויך דער פאר ווייל זיי גלויבען, אז דאס שאדט זעהר דער טיער. דער נעגער־קארא גווא וועט פיר קיין פאל ניט געבען קיין מילך יענעם מענשען, וועלכער געברויכט זאלץ אדער בעבליך.

פיליינט איז א צייכען דערפון אין מאנכער ארט געבליבען ביי אידען אין הלכות בשר וחלב.

דער צוועק פון צוגעוואהנען צו זיך טיערען, איז אין אנפאנג געווען ניט מעהר ווי דאס פלייש אליין. נאך היינט געפינען זיך פעלקער, וועלכע פערנעמען זיך מיט פיה־צוכט, נאר צוליב דעם, כדי מען זאל האבען גרייטע פיה צו טוידטען און עסען זייער פלייש. ווען דער מענש האט שוין אפילו געוואוסט, אז מען קען בענוצען די פיה אויף ארבייט, האט ער נאך דאן אויך ניט באלד אנגעהויבען צו טרינקען זייער מילך.

וועגען דער צייט, ווען דער מענש האט אנגעהויבען צו־צוגעוועהנען צו זיך טיערען, איז דא פערשידענע מיינונגען, אבער אויף ריכטיג וויים מען נאך ניט.

זעהר א לאנגע צייט איז אריבער, איידער דער מענש האט פערשטאנען, אז ער קען האבען א נוץ פון די חיות, זיינע דם שונאים, ניט נור דאנן ווען זיי זיינען טוידט, נאר אויך לעבעדיגער הייט. ער האט געוואוסט, אז ווען די טיער איז טוידט קען ער עסען איהר פלייש און האט דערפון הנאה, אבער אז דיזעלבע טיער קען איהם מעהר נוצען בריינגען לעבעדיגער־הייד און אז ער קען מיט איהר לעבען בשלום, דאס האט איהם אזוי גיך ניט געקענט איינפאלען. ווען דער מענש האט גראדע געחאפט מיט איין מאל עטליכע קליינע טיערען, האט ער דערוויל גע'הרג'עט

נאָר איינע אָדער צוויי אונ די איבעריגע איבערגעלאָזט לעבעדיג אום צו טוידטען זיי דאַן ווען ער וועט זיך נייטהיגען אין פלייש, דען דאָס האָט ער שוין געוואוסט, אַז פלייש פון אַ טויטע חיה ווערט קאַלע ליגענדיג. וואַנדערינדיג אין וועג צוזאַמען מיט אָט די געחאַפּטע טיערען, האָט ער בעמערקט, דאָס זיי ווערען צו איהם צוגעוואָהנט אונ אַנטלויפען ניט, ווען מען לאָזט זיי אפילו אָפּ. אַזוי האָט ער אָנגעהויבען צוגעוועהנען צו זיך טיערען אום צו קענען זיי שפּעטער טוידטען, ווען ער וועט ברויכען פלייש. מיט דער צייט האָט ער בעמערקט זייער פעהיגקייט צו טראָגען אויף זיך מַשָׂאות אונ דער מענש האָט אָנגעהויבען מיט זיי צו בענוצען זיך אויף אַרבייט.

אַלע צייגניסע שטימען איין דאַרין, דאָס דער הונד איז דאָס ערשטע הויזטהיער. קיין חיה איז ניט אַזוי פריה צוגעוואהנט געוואָרען צום מענשען ווי דער הונד. דעם מענשענס ערשטער צוועק ביי'ן האָדעווען דעם הונד איז געווען זיין פלייש, דער צווייטער צוועק — צו בענוצען זיך מיט איהם אויף געיעג, צו וועלכעם דער הינד האָט געהאַט אַ געבאָרענע פעהיגקייט, דער דריטער צוועק איז, ווי פרעמר עס זאָל אונז ניט קלינגען, דאָך איז עס פאָרט אַזוי, דער ר ע ל י ג י אָ ז ע ר צ וו ע ק. דער צוועק איז אפילו געווען ניט בלויז ביי הינד, נאָר אויך ביי פיעל אַנדערע טיערען, חאָטש מען האָט עס בּאַלד ניט אַזוי גוט בעמערקט, דאָך איז דער צוועק געווען די הויפּט אורזאַכע פון האָדעווען טיערען ביי פיעל פעלקער.

דער אור־אַלטער מענש האָט פאַר קיין פאַל ניט געקענט פערשטעהען, ווי אַזוי אַ מענש הערט אויף צו לעבען. דוכט זיך דער אייגענער קערפּער וואָס פריהער, אונ דאָך קען ער זיך ניט ריהרען, ער זעהט אַלזאָ, אַז אין מענשען פעהלט עפּעס אַזא זאַך, וואָס האָט פריהער אין איהם געלעבט אונ אַז דאָס איז פון איהם אַוועק קען ער ניט לעבען. היינט וואו איז עס אַהין געקומען? דער אור־אַלטער מענש האָט דאַדורך גערעכענט, אַז די נְשָׁמה איז אַוועק אין אַנדערע אונבעוועגליכע זאַכען, ווי למשל

אַ בוים, אַ שטיין, אַ שטיק האָלץ א. ד. ג., צוגלייך פלעגט די נשמה אויך אַריין געהן, נאָך זייער מיינונג, אין בעשטימטע חיות. מיט אַזא חַיה, אין וועלכער דעם מענשענס נשמה געהט אַריין בעגעהט מען זיך אַנשטענדיגער אונ, אַז מען וויל, קען מען דאָס אָנרופען „גאָטטעספערעהרונג", אָבער דאָס איז ניט די ריכטיגע בעצייכנונג דער פון. דער אַרט גאָטטעספערעהרונג פון טיערען, וועלכע מען גלויבט, אַז צו זיי געהט אַריין דעם מענשענס נשמה, עקזיסטירט ביי אַלע אור־אַלטע פעלקער. נאָר יעדעס פאָלק קלייבט זיך אויס אַנדערע סאָרטען חיות, וואָס צו זיי געהען אַריבער די מענשליכע נְשָמות. דאָס פלייש פון אַזעלכע „גאָטטעספערעהרטע" טיערען פלעגט מען ניט טאָרען עסען. די מִצְרִיים האָבען גערעכענט, אַז נאָך דעם מענשענס טוידט גע־פינען זיך די נשמות אין דעם מין „פוקס הינט". נאָך זייער בע־געהן זיך מיט די דאָזיגע הינט קענען מיר זיי גאַנץ זיכער אָנרופען „הייליגע הינט". די פערסער האָבען געהאַלטען אַ הונד פאַר אַ גאָטט, ערשטענס דערפאַר, ווייל ער עסט טוידטע קערפער אונ עסענדיג נעמט ער דאָך אין זיך אַריין זייערע נשמות, צוויי־טענס, ווייל דער הונד פערהיט דעם מענשען, גלייך ווי פייער, פון די ווילדע טיערען. דער אַמאָליגער פערס איז געשטאָרבען רוהיג, ווען דערביי איז געווען אַלעבעדיגער הונד, ווייל ער האָט געגלויבט דאָס דער גייסט פון הונד וועט פערהיטען די נשמה, וואָס געהט פון איהם אַוועק, פון שלעכטע רוחות, וועלכע ער־וואַרטען זי ביי'ן שטאַרבען.

דאָס פערשטעהט זיך, אַז די מִצְרִיים אונ די פערסער האָבען ניט גענעסען די פלייש פון די הייליגע הינד אין וועלכע עס איז איבערגעגאַנגען די מענשליכע נשמות; נאַכהער, קען זיין, האָט מען שוין אויפגעהערט צו עססען אויך די פלייש פון יענע הינד, וועלכע מען האָט בענוצט אויף געיעג, דען די טיערען פון וועלכע מען האָט געהאַט אַ נוץ לעבענדיגער־הייט, פלעגט מען זיי שוין ניט הרג'ענען אום צו עססען זייער פלייש. איבער־הויפט ווען מען האָט געהאַט אַנדערע שפייז גענוג, איז פערבאָטען געוואָרען צו־

עססען די פלייש פון אַזעלכע טיערען, וועלכע זיינען לעבעדיגער־הייד נוצליך געוועזן.

דער הונד, דער קליגסטער און געטרייסטער פון אַללע הויזטיערען, קומט אַרויס, נאָך איין מיינונג, פון אַ וואָלף, נאָך אַ צווייטען — פון אַ שאַקאַל. צו די אור אַלטע ראַסע פון די הינד איז אַם מעהרסטען עהנליך דער „אַווטשאַרקע" (שאָפּערהונד) די איבריגע סאָרטען הינט זענען וועניג עהנליך צו זייער אור־אַלטע ראַסע.

ווי אַזוי אַ טהייל „שאפער הינד" האָבען זיך איבער געוואַקסן אויף די גיטרייע „פודעלן" און אויף די געשיקטע ווינד־הינד Борзня собаки ערקלערט אונז דער געלעהרטער רייכענבאָך פאָלגענדעס: „דער קלימאַט, דאָס אַרט לעבען און בעשעפטיגונג האָבען דעם הינד פערוואַנדעלט אין אַזא פאָרים, ווי מיר זעהען איהם יעצט. דער הונד פערשטעהט גיכער זיין אַרומיגען לעבען און בייגט דעם קערפּער צו נאָך דעם לעבען.

די געשיקטע „באָרזע הינד" האָט זיך ענטוויקעלט פון געיעג אויף געשיקטע ווילדפרעכט און אָט די בעשעפטיגונג איהרע האָט לענגער געמאַכט איהר קערפּער און צוגעגעבען איהר פיזיאָנאָמיע אַ אויסזעהן פון אַ הירש".

דער נאַטורפאָרשער האַמילטאָן בעווייזט, דאָס די אַראָפּהייענדיגע אויערן פון אַ הונד איז אַ צייכען און אַ פאָלגע דערפון, וואָס אין אַ משך פון פיעל דורות האָט זיך דער הונד אונטערגעגעבען דעם מענשען און צו איהם אין גאַנצען אונטערטהעניג געוואָרען. וואָס מעהר אַ הינטישע פאָראָדע איז געבליבען ביי איהר ערשטע פרייהייט, ווי, למשל, דער „שאָפערהונד" דעסטאָ מעהר קען זי אויפשטעלען די אויערן, פערקערט, וואָס מעהר אַ פאָראָדע האָט פערלאָרען איהר פרייהייט און זיך אונטער־געגעבען אונטער דעם מענשען, ווי, למשל, דער „פודעל" דעסטאָ מעהר הייגגט ביי דעם מין די אויערן אַראָפּ.

צוזאַמען מיט'ן הונד געפינען מיר צום ערשטען דעם חזיר. דער הונד מיט דעם חזיר האָבען אין זיך די מַעלה, וואָס זיי זיינען ניט קיין אויסקלייבער אין עסען, דעריבער האָבען

זיי געקענט גיך געוואָהנט ווערען צום מענשען. נאָר דער חזיר איז ניט אַזוי פֿערשפּרייט, ווי דער הונד. אין זעהר פֿיעל ערטער האָט מען פֿון איהם גאָר ניט געוואוסט. אַנדערע ווידער האָבען איהם געהאַלטען פֿאַר אַ ווילדע טיער אונ האָבען גערעכענט, אַז זיין פֿלייש איז ניט צום עסען. אין מִצְרַיִם, זעהט אויס, האָט מען פֿון איהם אויך ניט געוואוסט.

דאָס וואָס ביי די אַראַבער איז פֿערבאָטען צו עסען חזיר פֿלייש, וועלכעס איז פֿון אַ געוואָנהייט געוואָרען אַ געבאָט פֿון דער רעליגיאָן, בעווייזט אונז, אַז די נאָמאַדישע פֿעלקער (וועל־כע פֿערנעמען זיך נור מיט פּ״ה פאַשען) פֿון דרומית מערבית אַזיען האָבען ניט געהאָדעוועט קיין חזירים אונ האָבען פֿייליכט פֿון זיי גאָר ניט געוואוסט.

נאָר אויך די פֿעלקער פֿון צפון איז דער חזיר געווען אונ־בעוואוסט, דעריבער עקעלט דעם לאַפּלאַנדער חזיר פֿלייש פונקט ווי דעם אידען.

דער אייזעל קומט אַרויס פֿון וואַלד־אייזעל—אָנאַגער, וועלכער געפֿינט זיך נאָך היינט אין זיין ווילדען שטאַנד אין די טאַטאַרישע אינזלען. די קירגיזען, פערסיאַנער אונ אַראַבער יאָגען זיך נאָך הייגט אויך נאָך איהם אום צו עסען זיין פֿלייש. עס זעהט אויס, אַז מיט דעם אייזעל איז פֿאָרגעקומען, דאָס־זעלבע, וואָס מיט׳ן הונד אין די ערטער. וואו מען האָט איהם געניצט אויף געיעג אונ ניט פֿערהייליגט. פֿריהער האָט מען זיך נאָך דעם אייזעל געיאָגט אום צו עסען זיין פֿלייש. נאַכהער האָט מען צוליב דעם זעלבען צוועק זיך געסטאַרעט אַיינצוהאַלטען איהם נעבען זיך, נאָך דעם האָט מען בעמערקט, אַז ער קען נוצען דעם מענשען אויף צו טראָגען מַשָׂאות. וואָס מעהר דער אייזעל איז געוואָרען אַנ׳אַרבייטס־טיער האָט מען אַלס וויינינגער זיך ערלויבט צו עסען די פֿלייש פֿון דעם מענשענס „העלפֿער״. צוליב די זעלבע אורזאַכע איז ביי אונז פֿערמאוסט די פֿלייש פֿון אַ הונד אונ פֿון אַ פֿערד. די יאַפּאָנער עסען ניט איבער דעם זעלבען אורזאַך קיין פֿלייש פֿון די רינדער, וועלכע מען ניצט צום געשפּאַן.

ליווינגסטאָן האָט געפֿרעגט די איינוואוהנער פֿון זאַמבעזע (אין אַפריקא) פֿאַר וואָס עסען זיי ניט קיין אייזעל־פֿלייש? האָבען זיי געענטפֿערט: „איבער דער זעלבער אורזאַכע וואָס אַ מענש עסט ניט קיין פֿלייש פֿון אַ מענשען זיין גלייכען, דער אייזעל לעבט אויך צוזאַמען מיט'ן מענשען און איז זיין העלפֿער".

דער פֿ ע ר ד קומט אַרויס פֿון מיטעל—אַזיען פֿון דעם אינזעל גאָבי. זיד־איירָאָפּא האָט בעקומען די ערשטע פֿערד פֿון אַפריקא, וואָהין די פֿערד זיינען צום ערשטען פֿערקראָכען. די איבעריגע טהייל איירָאָפּא האָט בעקומען איהרע פֿערד פֿון אַזיען".

ווען דוד המלך האָט איינגענומען מואָב האָט ער געהייסען אויס הַרְגֶן אַלע פֿערד און ניט מעהר איבערגעלאָזט ווי 100 פֿערד, וואַהרשיינליך, פֿאַר אַ פּראָבע. נאָר אַבשלום האָט שוין געהאַט פֿערד מיט פֿוהרוועגען און שלמה האָט געקויפֿט פֿיעל פֿערד אין מִצְרַיִם. פֿון יענערצייט אָן איז ביי אידען אויך געווען רייטער און שטרייטוועגען. אַזוי האָבען די פֿעלקער זיך געטוישט מיט זייערע ערפֿינדונגען. ד י פֿעלקער, וועלכע האָבען אַליין פֿערוואַנדעלט דאָס פֿערד פֿון אַ ווילדע טיער אין אַ אַרבייטס טיער, האָבען זיי געטרונקען זיין מילך ווען זיי האָבען נאָר געוואוסט ווי זי צו בע־קומען און האָבען געגעסען פֿערדען־פֿלייש, אפילו דאַן, ווען זיי האָבען אידם שוין געניצט אויף אַרבייט, ווייל זיי זענען אַיינ־געוואָהנט געווען פֿון פֿריהער, ווען זיי האָבען זיך נאָך איהם געיאָגט. די פֿעלקער אָבער, וועלכע האָבען שוין בעקומען פֿערד אַלס אַרבייטס־טיער האָבען זיי דאָס פֿלייש שוין ניט געגעסען. דאָס זעלבע איז פֿאָרגעקומען אויך ביי אַנדערע אַרבייטס־טיערען.

דער ק ע מ ע ל איז צוגעוואָהנט געוואָרען צום מענשען, נאָך אין דער פֿאַרהיסטאָרישער צייט. דער קעמעל, גלייך ווי דאָס פֿערד, איז זעהר נוצליך פֿאַר דעם אַראַבער און אַנדערע וואַנדע־רענדע פֿעלקער, און מיר געפֿינען איהם טאַקע נור אין זייערע געגענדען. ווען ניט דער קעמעל, וועלכער האָט אַ גיכען טריט און קען אויסקומען אַ לאַנגע צייט מיט ווייניג שפּייז און אָהן וואַסער, ווען ניט ער, וואָלטען די פֿעלקער פֿון די מִדְבָּרִיות ניט געקענט האָבען צווישען זיך קיין שום פֿערבינדונג.

די קאַץ איז געוואָרען אַ הויז טיער שפּעטער ווי אַלע אַנדערע טיערען. אונ מען געפינט איהר נור ביי די פעלקער וועלכע פיהרען שוין אַ איינגעאָרדנטען ישוב־לעבען.

אַם שפּעטסטען איז די קאַץ צוגעוואָהנט געוואָרען צום מענשען אין איירָאפּא. נאָך אין 11טען אונ 12טען יאָהר הונדערט איז אַ קאַץ געווען אין איירָאפּא אַ זעלטענהייט אונ פאַר אַ גוטע קאַץ האָט מען געצאָהלט זעהר טייער.

צוגעוואָהנטע פויגעל, אָדער ריכטיגער צוויי־פיסיגע חיות מיט פעדערן אונ פליגעל 1) געפינט זיך נור ביי העכערע קולטורנע פעלקער, ווייל זיי קומען ניט אַזוי צוניץ דעם מענשען אין לעבען, ווי די פיער־פיסיגע טיערען, זיי בעשענען נור דעם קולטור שטאַנד, אָבער זיי העלפען איהם ניט מיט, צו ערייכען מעהר קולטור, צו מאַכען זיך מעהר בעקוועמליכקייט אין לעבען אונ צו פערקירצען מיט זיי זיין אַרבייטס צייט, אַז ער זאָלל קריגען דאַדורך אַביסל לייזיגע צייט אויף צו פערנעהמען זיך מיט גייסטליכע אַרבייט.

די פיער־פיסיגע הויז־טיערען האָבען דעם מענשען אין דעם אַלעם יאָ מיט געהאָלפען, אָבער פון די צוויי־פיסיגע האָט ער אין די הינזיכטען קיין שום נוצען ניט געהאַט.

די ערשטע עופות, וואָס זענען צוגעוואָהנט געוואָרען צום מענשען, זיינען הינער, טויבען, פאַוועס, גענז אונ קאַטשקעס. ביי נח׳ן אין קאַסטען האָט זיך שוין געפונען אַ טויב אונ נאָך אין די גאַנץ אַלטע צייטען האָט מען שוין אין מִצְרַיִם געהאָדעוועט הינער, נור אין חומש ווערט וועגען הינער גאָר נישט דערמאָנט. די ערשטע גֶזַע פון אונזערע הינער האָט מען ערשט די לעצטע צייטען געפונען אין מִזְרַח־אינדיען. אין שלמה המלך׳ס צייטען האָט מען געבראַכט פאַוועס אין ירושלים, אונ אין אלקסנדר מוקדונס אין גריכענלאַנד.

פון קריכענדען מין טיערען, איז זיסער דעם זיידען וואָרעם

---

1) אונטערן נאָמען „פויגעל" מיינט מען אם מעהרסטען די, וועלכע לעבען ניט מיט׳ן מענשען, מיר אָבער מיינען דאָ בלויז די הויז־פויגעל.

און דעם קאָכעניעל וואָרעם (פון וועלכע מען בעקומט רויטע פאַרב), זיענען בינען די איינציגע וועלכע פערמעהרען זיך פליסיג אין די ציוויליזירטע לענדער.

איידער מען האָט ערפונדען צוקער אָדער ווען מען האָט עס נאָך ניט אַזוי שטאַרק גענוצט, האָט דער בינענצוכט געהאַט פאַר דעם מענשען אַ גרעסערען ווערטה אַלס היינט, מען האָט דעם האָניג גענאָסען רויהער־הייד, מען האָט איהם צוגימישט כְּמַעַט צו יעדען עסען און געמאַכט פון איהם פערשידענע געטראַנקען, נאָר ווען היינט ווערט האָניג וועניגער געברויכט ווי אַמאָל, ווערט דערפאַר וואַקס מעהר געברויכט און מיר דאַרפען דעריבער זעהר דאַנקבאַר זיין דעם אונבעוואוסטען וואהלטהעטער וועלכער האָט צום ערשטען געמאַכט פון בינען הויזטיערען.

די בינענצוכט איז בעוואוסט געווען נאָך אין די עלטסטע צייטען. אין די אור־אַלטע צייט, אַז דער מענש האָט געפונען אַ בינשטאָק פלעגט ער צוזאַמען מיט'ן האָניג אויך אויפעסען די בינען.

דער מענש איז פערפליכטעט פאַר זיין קולטור ניט בלויז דער טיערוועלט, נאָר אויך די געוויקס־רייך. כָּל זְמַן דער מענש האָט זיך בענוגענט בלויז מיט די פרוכט פון די ווילדע געוויקסע האָט ניט געקענט זיין קיין רעדע פון קולטור, נאָר ערשט דאַן ווען זאָרגענדיג וועגען דעם צוקונפט האָט דער מענש, פונקט ווי די טיערען מיט זייער אינסטינקט, זיך בעזאָרגט צו פערבעהאַלטען די געוויקסע, וועלכע וואַקסען נור אַ געוויסע צייט אין יאָהר, אויף דער צייט ווען זיי וואַקסען ניט און אַזוי נאָכהער ביסליכווייז דערפון ערקלערט צו פערגראָבען אין דר'ערד פרוכט־בערע קערנער און וואַרטען ביז זיי וועלען צייטיג ווערען, האָט זיך דאַמאָלס געלייגט דער גרונד אויף וועלכען עס שטעהט די היינטיגע קולטור. דערהויפט מיינען מיר דאָ די תבואות געוויקסע.

אַז דער מענש האָט זיך פערנומען מיט ערד אַרבייט האָט ער שוין ניט געקענט פיהרען אַ וואַנדערענדען לעבען, דען ער האָט געמוזט זיצען אויף דעם אָרט וואו ער האָט פערזייעט די תבואה און וואַרטען ביז עס וועט האַלב צייטיג ווערען,

אום צו זיצען אַזא היבשע צייט אויף איין אָרט האָט ער שוין ויעדער געמוזט זיך מאַכען פעסטערע וואהנונגען, אונ נאַכהער איז איהם שוין אַ שאָר געוועזן דעם וואהנונג איבער צו לאָזען.

פריהער ווען ער האָט זיך געשפייז בלויז מיט יאַגד, אָדער מיט די געפונענע געוויקסע, האָט ער געמוזט שטענדיג וואַנדערן אונ זוכען ענטוועדער געוויקסע אָדער חיות אין וואַלד, אונ וואו ער האָט געטאָגט האָט ער ניט גענעכטיגט, ביי אַזא אַרט לעבען איז רעכט געוועזן צו ליגען אונטער אַ בידעל פון צווייגען אונ בלאָטער, אָבער דערנאָך ווען מען איז שוין אַ היבשע בעשטימטע צייט אויף איין אָרט געזעסען, אונ ווען מען איז אפילו פון דאָרט אַוועק אין וואַלד אויף אַ קליינער צייט, איז מען דאָך צוריק געקומען אויף דעם זעלבען אָרט, דאַן ביי אַזא אַרט לעבען האָט שוין געלוינט צו מאַטערן זיך אונ אויפשטעלען אַ פעסטען וואָהנונג.

דאָס פערשטעהט זיך, אַז די ערשטע ערד אַרבייטער זענען ניט געוועזן קיין וועגעטעריאַנצעס (וועלכע עסען ניט קיין פלייש) אונ זיי האָבען זיך ניט בעגנוגענט מיט בלויזע תבואה געוויקסע. דער מענש האָט ניט געקענט אַוועק וואַרפען די יעגעריי אונ פיהצוכט, דען די ערדאַרבייט אַליין איז אין אָנהויב גאָר ניט אימשטאַנד געוועזן צו שפייזען איהם, בעזונדער איז פלייש זעהר אַ נייטהיגע שפייז פאַר דעם מענשענס אָרגאַניזם.

גאָר אין דער אַלטערצייט פון וועלכער מיר האָבען קיין ידיעה ניט, די צייט וועלכע איז נאָך פריהער פאַר דער אור־אַלטער צייט, האָט זיך דאַן דער מענש וואַהרשיינליך פער־נומען בלויז מיט זוכען געוויקסע, ווי עס בעווייזען זיינע הענד, וועלכע זענען עהנליך צו אַ נאַגער (גריזון) אונ דער מענש האָט אין זיך ניט אַזא צייכען פון אַ רויבטיער ווי דער בער.

פון דעם אויסדרוק אין חומש, ... גאָטט האָט ערשט נאָכין מבול ערלויבט צו עסען פלייש, פערשטעהט מען, דאָס אידען האָבען אויך גערעכענט, אַז דער מענש האָט אין אָנהויב ניט געגעסען קיין פלייש, אָבער היינט געפינען מיר ניט אַ זעלכע פעלקער, וואָס עסען ניט קיין פלייש אונ מיר זעהען, אַז אין

די ערטער. וואו עס איז געוועזן ווייניג מהירען איז שטארק פערשפרייט געוועזן דער קאניבאליזם (מענשענפרעסעריי) אונ ווען מען האט איינעם געפאנגען פלעגט מען אפילו די בלוט זיינע טרינקען, דען דעם מענשענס ארגאניזם האט זיך דאן געניטהיגט אין פלייש אונ בלוט, ווייל ער האט געהאט זעהר ווייניג כארטען שפייזען, וואס ער ברויך צו האבען.

דער אור־אלטער מענש האט צוזאמען מיט די פלייש פון דער חיה אויך געטרונקען די בלוט איהרע אונ האט דערפון שטארק הנאה געהאט.

שפעטער ערשט האט מען אויפגעהערט בלוט צו טרינקען, צוליב דעם, ווייל מען האט גערעכענט, אז אין בלוט געפינט זיך די נשמה. די תורה שרייבט דייטליך ארוים דעם טעם דערפון: „אך בשר בנפשו דמו לא תאכלו".

אין יעצטיגע צייטען געוועהנליך, ווען די רעליגיאן זאל אפילו יא ערלויבען צו טרינקען בלוט, וואלט מען שוין אויך ניט געטרונקען.

מען ברויך ניט צו רעכענען, אז די ערשטע ערד ארבייטער האבען געפיהרט א לאנווירטשאפט אויף היינטיגען אופן, דען זיי האבען ניט געהאט די ארבייטס אינסטרומענטען אונ וויסענשאפט, וואס מען ברויך דאצו האבען, דער מענש האט זיך פון אנפאנג גאר ניט פארגעשטעלט אז די ערדארבייט קען איהם געבען גענוג שפייז אונ עס לוינט איועק צו לייגען צייט אויף דעם. די גאנצע ערדארבייט איז געוועזן ניט מעהר ווי א פראבע. ווען פון די תבואה, וואס איז געוואקסען פון זיך זעלבסט האט ער פערלארען איניגע קערנער אויף א ליידיג ארט אונ אין א געוויסער צייט ארום איז אויף דעם ארט אויסגיוואקסען עטליכע שטענגליך, ווען דער מענש האט עס גראדע בעמערקט אונ געדיינקט, אז אויף דעם ארט איז קיינמאל פריהער גאר ניט געוואקסען אונ אז ער האט דא פערלארען תבואה קערנער, האט ער אנגעהויבען צו קלערען פיללייכט זיינען די זאנגען ארוים געוואקסען פון זיינע קערנער אונ ער האט געפרופט אריין צו לייגען תבואה קערנער אין דר'ערד אום צו בעקומען אין א געוויססע צייט ארום אנדערע

אונ אַזוי איז אַרוים געקומען ערדאַרבייט. שטאַרק האָט זיך דאָס „פעלד" ניט געקענט פערשפרייטען, דען די פרוי אַליין האָט איהם בעאַרבייט אונ קיין הילפסמיטלען האָט זי צו דער אַרבייט אויך ניט געהאַט.

דאָס פעלד האָט אויך דאַרום ניט געקענט פערנעמען קיין גרויסען פלאַטץ, ווייל דער בעגריף פון פריוואַט—אייגענטהום איז דאַן געווען וועניג ענטוויקעלט אונ דער אַרבייטער פון אַ גרויסע שטיק פעלד האָט זעהר אָפט געקענט פערלירען די פרוכט פון זיין אַרבייט דורך פרעמדע בערויבונג. פון אָנפאַנג האָט מען געוועהנליך געזעאָט נור די תבואות, וועלכע וואַקסען אויף גיך, נאָר מיט דער צייט האָט מען אָנגעהויבען צו זעאָען אויך אַזעלכע תבואות, וואָס זייער אויפוואַקסען געדויערט לענגער.

די תבואות האָבען געקענט ווערען אַ מענשליכע שפייז נאָר אין דעם אָרט וואו עס איז געווען וועניג פלייש־שפייז, דעריבער זיינען די אינדיאַנער ניט געוואָרען קיין ערדאַרבייטער, ווייל דער יעגער געפינט דאָרט שטענדיג גענוג יאַגד אונ קען זיך לייכט שפייזען מיט בלויזע פלייש.

ליפפערט בעשרייבט די גייסטליכע ווירקונג אויפ'ן מענשען פון געוויקס־שפייז אונ פלייש־שפייז אין פאָלגענדע ווערטער: „די בעזאָרגונג וועגען געוויקס־שפייז בריינגט גיך צו שפאָרזאַמקייט, צו אַ גלייכע אַנשטריינגונג פון אַרבייטס קראַפט אונ געוואָהנט איין דעם מענשען צו קלערען וועגען שפעטער; אָבער דאָס בעזאָרגען זיך וועגען פלייש־שפייז אָבוואָהל ער ענטוויקעלט שטאַרק די געשיקטקייט אונ ענערגי פון מענשען, אָבער דערפאַר פעלט ביי איהם די גלייכע אַנשטריינגונג פון אַרבייט אונ עס געוואָהנט איין דעם מענשען צו לעבען ווי אַ בהמה, נאָר מיט דער איצטערדיגער צייט, אָהן אַ שום זאָרג וועגען שפעטער.

דאַן ווען דער מענש לעבט בלויז פון געיעג העלפט ניט דאָס זאָרגען וועגען דער קומענדער צייט, ער מוז זיך פערלאָזען אויפ'ן צופאַל, אויב עס וועט איהם געלינגען צו הרגענען גענוג חיות איז גוט, וועט ער זיך אָנעסען וויפיעל עס וועט נאָר איהם אַריין קריכען, אונ אַז ניט, אַז עס געראָט ניט צו הרגענען חיות

איז פֿערפֿאַלען, העלפֿט קיין שום חָכמה ניט מוז מען זיצען אונ הונגערען. ווען די נאַטור אַליין לערנט דעם מענשען צו פֿער־בעהאַלטען תּבוּאה קערנער אויף שפּעטער, האָט איהם נאָר אַ גליקליכער צופֿאַל געקענט אַרויף ברענגען דערצו, אַז ער זאָל מאַכען אַ זאַפּאַס פֿון פֿלייש, אום צו קענען אַביסעל אַ לענגערע צייט דערמיט זיך בענוצען.

דער היפּך פֿון געוויקס שפּייז האָט דאָס ערנעהרען זיך פֿון פֿלייש געווירקט שלעכט אויפֿ׳ן מענשען אין זיין גייסטיגע ער־ציהונג. די רייזענדער ערצעהלען, אַז די ווילדע האָבען מורא צו לאָזען אַרומוואַלגערען זיך די איבערגעבליבענע ברעקליך פֿון זייער עסען, עס איז זעהר שרעקליך פֿאַר זיי דער געדאַנק, דאָס מיט דעם רעשט פֿון זייער סעודה קענען זיך בענוצען זייערע ערגסטע שונאים די שֵׁדים אונ רוחות אָדער די וואַלד חיות.

דעם יעגער, וועלכער ערנעהרט זיך בלויז מיט פֿלייש, קומט זעהר אָפֿט אויס צו הונגערן איניגע טעג ביז ער געפֿינט אַ חיה צו טוידטען, דעריבער דאַן ווען איהם געלינגט שוין צו קריגען דאָס פֿלייש איז ער דערמיט זעהר צופֿרידען אונ לעבט דאַן אָהן אַ רעכנונג, ער קלערט דאַמאָלס נאָר וועגען דעם ער זאָל וואָס מעהר אָנשטאָפּען דעם בויך, ווייל ער ווייס גאַנץ גוט, אַז עס וועט איהם נאָך ניט איינמאָל אויסקומען צו הונגערן, איבער דעם סטאַרעט ער זיך איצט אָנצועסען זיך פֿאַר יענע הונגער צייט. אַלזאָ דער סאָרט שפּייז מאַכט איהם לייכטזיניג, אַז ער זאָל לעבען נאָר מיט דער איצטיגער מינוט.

די זעלבע בעדינגונגען פֿון לעבען מאַכען איהם דערפֿאַר פֿון דער אַנדער זייט פֿאַר אַ מַכְנִים אורח, פֿאַר אַ מענשען, וואָס האָט ליעב צו צוטהיילען זיך מיט׳ן ביסען.

די אייגענשאַפֿטען געפֿינען זיך ביי אַלע ווילדע אונ מיר קענען דאָס ניט אָנרופֿען מַעלות, ביי זיי איז עס אַ נאַטירליכע זאַך, זיי האָבען ניט קיין בעגריף פֿון פּריוואַט — אייגענטהום, דערפֿאַר איז ביי זיי אויך לייכט צו נעמען יענעמס אונ מיר קענען עס ווידער ניט אָנרופֿען גנבה, ביי זיי הייסט עס

איינפאַך „צונעמען". דער אינדיאַנער פערהאַסט די וויסע (אייראָפּייער) פאַר זייער בעזאָרגען זיך וועגען מאָרגענדיגען טאָג און זיי שטאָלצירען מיט זייערע אייגענשאַפטען, וואָס ביי זיי האָט קיין זאַך ניט אַזא גרויסען ווערטה מען זאָל עס ברויכען צו פערבעהאַלטען אויף שפּעטער און פערהיטען אַז יענער זאָל עס ניט נעמען.

זיי האָבען ניט קיין בעגריף פון שלי־שלך (מיינע־דיינע).

די אייגענשאַפטען בלייבען איבער זעהר לאַנג אפילו דאַן ווען די אורזאַכען וועלכע האָבען די אייגענשאַפטען אַרויס געריפען זיינען שוין ניטאָ, זיי בלייבען נאָך אפילו דאַן ווען עס ווערען שוין בעשאַפען געזעצען, וועלכע ווילען אויסוואָרצלען די אייגענשאַפטען, און דעריבער געפינען מיר פיעל געזעצען, וועלכע האָבען זיך ניט אָנגענומען ביין פאָלק און דער המון האָט זיך זיין אייגענעם ניט קיין געשריבענעם געזעץ.

נאָך היינט, למשל, האָט דער טשעכישער פויער גאָר אַ אַנדער מיינונג אַלס עס זאָגט דער געזעץ וועגען די פרייהייט פון פיש פאַנג און געיעג, חאָטש נאָך אין 15טען יאָהר הונדערט האָט דער געזעץ געמאַכט עס פאַר פריוואַט—אייגענטהום.

דאָס פאָלק האָט אויך אַ אַנדער מיינונג, אַלס עס זאָגט דער געזעץ וועגען וואַלד־אייגענטהום. די געוואָהנהייטען פון פאָלק בעווייזען אונז די פריהעריגע, שוין לאַנג איבערגעגאַנגענע לעבענס־בעדינגונגען.

דער היינטיגער קאַפּיר, למשל, פערנעמט זיך פלייסיג מיט פיה צוכט, דאָך איז ער נאָך אַ בעלן צו צוגנבענען אַמאָל יענעמס פיה, ווען עס לאָזט זיך נאָר.

אָט די נאַטור זיינע, וועלכע בעזיטצען אויך אַנדערע פעלקער, וואָס שטעהען מיט איהם אויף איין שטופע פון דער קולטער, איז אַ ירושה פון יענער צייט, ווען ער האָט זיך ערנעהרט בלויז פון געיעג. דערפאַר אָבער, ווען דער קאַפּיר זאָל טוידטען זיינע אַ אייגענע טיער און זאָל צו דער סעודה ניט פערבעטען אַלע זיינע שכנים, וואָלט איהם די גאַנצע געמיינדע געהאַלטען פאַר דעם ערגסטען גנב.

דער זעלבער מנהג עקזיסטירט אויך ביי דעם שבט נאמאקו, ביי וועלכען דאס גאנצע עסענוואַרג ווערט צוטהיילט צווישען אַלע מיטגלידער פון שבט.

אָט דער מנהג האָט אין זיך פיעל מעלות, אָבער אויך פיעל פעה־לערן, איבערהויפּט ביי אַ אונקולטורנע פאָלק, ווייל דאָס מאַכט דעם מענשען פאַר אַ זולל וְסובֵא און עס קען זיך ניט אָנקלייבען קיין זאַפּאַס פון שפּייז און דאַדורך בלייבט דאָס פאָלק שטענדיג שטעהן אויף דער פריהערדיגער אָרימער שטופע.

דער מיסיאָנער לאָסקיל, וועלכער האָט בעטראַכט ווי אַזוי עס פיהרען זיך די אינדיאַנער אין נאָרד אַמעריקא און די איראָקעזען, ערציילט, אַז ביי דיזע שְבָטים עקזיסטירט אויך דערזעלבער מנהג, וועלכער לאָזט ניט אויפקלייבען קיין זאַפּאַסען. אין גאנץ אַמעריקא און אַפריקא עקזיסטירט ביי די ווילדע אַ מנהג, וועלכער איז שוין אַריין אין קולט (רעליגיאָן), אַז נאָך דער סעודה טאָר ניט בלייבען קיין שום עסענוואַרג.

יעדער מנהג, וואָס געהט איבער פון איין דור צום צווייטען ווערט ביסליכווייז פערהייליגט ביז ער ווערט אַ געבאָט פון דער רעליגיאָן. ווען דער מענש געוואָהנט זיך איין צו פיהרען זיך אויף דעם אָדער יענעם אַרט, ניט וויסענדיג די אורזאַכע פאַר וואָס ער פיהרט זיך אַזוי, אַזא מענש רעכענט, אַז דאָס וואָס איהם איז ניט בעוואוסט איז גאָטט יאָ בעוואוסט און יעדער מנהג טהוט מען דערפאַר „ווייל גאָטט וויל אַזוי".

אָט ביי דעם אינדיאַנער איז געוואָרען דער מנהג צו פער־ניכטען די איבערגעבליבענע שפּייז נאָכ'ן עסען און ניט איבער לאָזען אויף אַ צווייטען מאָל—אַ „געבאָט פון גאָט" פון דעם מנהג אַ טריט ווייטער, איז ער געקומען צו דער איבערצייגונג, דאָס „דער גרויסער גייסט" וויל ניט, אַז די ערדאַרבייט זאָל זיך פערברייטען און פערגרעסערען מעהר וויפיעל עס איז שוין דאָ און אַז צו פערזאָרגען זיך מיט שפּייז אויף אַ לאַנגע צייט איז אַ עבירה, פאַר וועלכער גאָטט שטראָפט.

אַ בעווייז, אַז גאָט וויל ניט דער מענש זאָל האָבען מעהר שפּייז, האָבען זיי געהאַט דערפון, וואָס ער, גאָט, ווייזט אָפּט

אַרוים זיין צאָרן אַמאָל דורך אַ האָגעל, וועלכער פערניכטעט די מאַאיס אונ אַמאָל דורך די חיות, וועלכע פערוויסטען די פעלדער.

דער געלעהרטער פ אָ ל ץ ערקלערט, אַז די אַלע געוויקסע, וועלכע זיינען אם מעהרסטען נייטהיג אויף צו ערהאַלטען דעם מענשענס לעבען קענען וואַקסען כִּמְעַט אויף אַלע ערד באָדענס אונ אין יעדען קלימאַט.

זיי קענען פערטראָגען די טרוקענע לופט פון די אַלפען־בערג אונ די פייכטע לופט פון די בלאָטעס.

זיי וואַקסען נעבען אירקוטסק אונ נעבען ניגר (אין מערב־אַפריקא) אונ עס שפייזט זיך מיט זיי דער ווייסער, רויטער, ברוינער אונ שוואַרצער מענש. דאָרט וואו עס ענדיגט זיך די געוויקסע פון אונזער טהייל וועלט, וועלכע ענטהאַלטען אין זיך מעהל, הייבט זיך אָן אַנדערע פערשידענע מינים, וועלכע זיינען נאָך נאַהרהאַפטיגער פאַר אונזערע געוויקסע, ווי מאַאיס, רייז, פראָסע א. ז. וו..

ווען מיר ווייסען ניט בעשטימט די ערשטע געבורטסלאַנד פון די תבואות־געוויקסע ווי, ווייץ, גערשטען, האָבער אונ קאָרן, ווייסען מיר דערפאַר ריכטיג דעם געבורטסאָרט פון די בוימער, וועלכע האָבען געהאַט אַ ווירקונג אויף די ענטוויקלונג פון מענשליכען לעבען. די בוימער זיינען איבערגעגאַנגען, גלייך מיט'ן מענשען, אין דער צייט, ווען די פעלקער האָבען איבער־געוואַנדערט פון מזרח אַזיען נאָך מערב אַזיען אונ מיט דעם לאַנגען גאַנג פון דער געשיכטע—פון אַזיע נאָך זיד איראָפּא.

דער מענש האָט פון די בוימער געהאַט אַ גרויסען נוץ. די אָליווע בוימער האָבען איהם געניצט מיט זייער בוימעהל—די פייגען בוימער — אַלס די ערשטע שפייזערינס דעם מענשענס. די טויטעל בוימער—אַלס די לעבענספערזאָרגערינס פון מענשליכען געשלעכט. אפילו דער אונפּרוכטבארער קאַפּרים האָט דעם מענשען געדינט מיט זיין שטאַרק האָלץ אויף צו בויען שיפען.

די וויינטרויבען בוימער, וועלכע נייטיגען זיך אין אַ מענ־שענס אָבאַכט, האָבען צוגעבונדען דעם וואַנדערענדען נאָמאַד צו

איין אָרט. די וויינטרויב בוימער קומען אַרויס, ווי עס זעהט אויס, פון די ערטער, וועלכע געפינען זיך צווישען שוואַרצען און קאספישען יַם, ווי עס בעווייזט די ביבלישע לעגענדע מיט נח׳ן.

---

ז.

# פאמיליע לעבען.

וועגען זיטליכקייט ביי פערשידענע פעלקער, זאָגט דער געלעהרטער, וויקטאר קאטרין פאָלגענדעס: „פון דער וועלט-געשיכטע זעהען מיר דייטליך אַרויס, אַז איינינע בעגריפען איבער זיטטליכקייט הערשט ביי אַלע מענשען גלייך, דען דיזעלבע בעגריפען געפינען מיר אומעטום”. צווישען אַנדערע שרייבט ער ווייטער אַזוי: „מיר האָבען שוין בעטראַכט און אויסגעפאָרשט אלע קולטורנע און ווילדע פעלקער פון אַלע צייטען און פון אַלע געגענדען. מיר האָבען זיך בעקאַנט מיט ריכטיגע בעווייזע פון אַלע פעריאָדען ביז די גאַנץ ערשטע, און וואָס האָבען מיר אומעטום בעמערקט? מיר האָבען בעמערקט, אַז עס איז ניטא אַזא פאָלק, וועלכע זאָל ניט מאַכען קיין אונטערשיעד צווישען גוטע און שלעכטע מעשים, צווישען מצות און עברות און צווישען גוטע און שלעכטע מענשען פון וועלכע די ערשטע קומט שׂכר און די צווייטע עונש.

ביי אַלע פעלקער ווערט דער מענש געשעצט ניט נאָך זיין רייכקייט און שטאַרקייט, נאָר נאָך זיין גוטסקייט און עהרליכ-קייט. די פונדאַמענטען פון גערעכטיגקייט און ליעבע צום צווייטען, וועלכע ענטהאַלטען אין זיך די עֲשֶׂרֶת הַדִּבְּרוֹת געפינען מיר זיי ביי אַלע פעלקער, וועלכע האָבען אפילו קיינמאָל ניט געהערט פון תּוֹרַת משֶׁה”.

די ווערטער פון דעם געלעהרטען זיינען אין אַללגעמיין זעהר ריכטיג, פרינציפען פון גוטס און שלעכטס, רעכט און

אונרעכט איז טאַקע אומעטום דאָ, אָבער יעדעס פֿאָלק האָט אַ אַנדער בעגריף איבער דעם, וואָס איז אַזוינס גוטס אונ שלעכטס עהרליכקייט אונ אומאָרנטליכקייט, גוטע אונ שלעכטע מענשען. היינט ווען ביי יעדעס פֿאָלק איז אַ אַנדער בעגריף פֿון מאָראַל אונ וואָס איין פֿאָלק רעכענט פֿיר גוט רעכענט דאָס צווייטע פֿיר שלעכט, אונ אפילו ביי דעם אייגענעם פֿאָלק טוישט זיך אין אַ צייט אַרום דער בעגריף איבער מאָראַל, אונ דאָס וואָס עס האָט אַמאָל געהייסען גערעכטיגקייט הייסט איצט אונרעכט; אויף אַזא אופן קענען מיר דאָך ניט זאָגען, דאָס עס עקזיסטירט אַ אַללגע־מיינע מאָראַל פֿאַר דער גאַנצער מענשהייט, נאָר מיר מוזען זאָגען, אַז יעדעס פֿאָלק איז זיטטליך פֿאַר זיך.

דאָס וואָס מיר האָבען דאָ ערקלערט וואָלט זעהר גוט געווען, אַז דער לעזער זאָל עס גערייינקען ווען מיר וועלען דאָ ווייטער רעדען פֿון דעם שייכות צווישען זָכָר אונ נְקֵבה אין די אור־אַלטע צייטען.

ווען די ביידע מינים, דער זכר אונ די נקבה, האָבען זיך צוזאַמען געפּאָרט אום צו שטילען זייער תַּאֲוָה, האָט נאָך פֿון דעם ניט געקענט זיך ענטוויקלען אַ פֿאַמיליען לעבען.

נאָך דעם אַז זיי האָבען געשטילט זייער תַּאֲוָה, האָט זיי קיין זאַך ניט געשטערט צו צושיידען זיך.

דער זכר אונ די נקבה האָבען איינע די אַנדערע אַוועק געוואָרפֿען פּונקט ווי דער מענש וואַרפֿט אַוועק די בוים ווען ער עסט זיך אָן מיט איהרע פֿרוכט.

נאָר פֿון דעם צוזאַמען פּאָרען זיך ווערט די פֿרוי שוואַנגער אונ צווישען איהר מיט איהרע קינדער ווערט אַ פֿערבינדונג, וועלכע געדויערט פֿיעל יאָהר.

דאָס קינדער־ערנעהרען האָט דאַן געדויערט זעהר לאַנג, דען ווען ביי אונז לערנט זיך דאָס קינד אויס צו טרינקען מילך פֿון אַ קיה אונ צו עסען ברויט, וועלכע קאָכען זיך גרינג איבער אין מאָגען, האָט ער, דער אור־מענש, דאַן געמוזט די גאַנצע קינדערשע יאָהרען זיך שפּייזען בלויז מיט דער מוטערס מילך.

דעריבער ערנעהרען די ווילדע דאָס קינד מיט דער ברוסט

ביז פיער יאָהר און אויך לייננער. צוליב דעם זעהען מיר ביי די ווילדע דעם אַכְזָרישן מנהג צו הרגענען דאָס נייגעבאָרענע קינד אָדער דאָס עלטערע קינד, ווייל עס איז דאַן אונמעגליך געווען צו ערנעהרען צוויי קינדער.

דאָך איז די ליעבע פון די מוטערס צו די קינדער זעהר שטאַרק געווען, אַזוי, אַז זיי האָבען אָנגעהויבען אָפּצושיידען זיך פון מאַנסלייט די גאַנצע צייט, וואָס זיי ערנעהרען אַ קינד אום זיי זאָלען ווידער ניט שוואַנגער ווערען און געצוואונגען צו זיין הרגענען אַ קינד. די קינדער קענען זייער מוטער, וועלכע שפייזט זיי און פערהיט זיי פון געפאַהרען, אָבער ווער זייער פאָטער איז קענען זיי ניט וויסען ביי אַזא אונאָרדנונג צווישין זכר און נקבה, גלייך ווי דער פאָטער קען ניט וויססען ווער זיינען זיינע קינדער.

אַלזאָ, דער גרונד אויף וועלכען עס האָט זיך געקענט ענט־וויקלען אַ פאַמיליע, איז נאָר די פערבינדונג צווישען דער מוטער מיט איהרע קינדער.

געוועהנליך פערשטעהט זיך, אַז די אור־אַלטע מענשען האָבען ניט געלעבט בעזונדער יעדער פאַר זיך.

דאָס איז גלאַט אונמעגליך געווען צוליב די מלחמה פאַרן לעבען, וועלכע זיי זיינען געצוואונגען געווען צו פיהרען. אפילו ביי פיעל חיות זעהען מיר אויך, אַז זיי לעבען נור צוזאַמען אין גרויסע גרופּעס.

נאָר אַזעלכע מענשען גרופּעס זיינען ניט געווען קיין פאַמיל־יעס אין אונזער זינען, און אין די מענשען־גרופּעס האָט געהערשט אַ אונאָרדנונג אין פערהעלטנים צווישען די ביידע מינים פון זכר און נקבה, ווי מיר זעהען אויך היינט ביי איינינע פעלקער, וועלכע שטעהען אויף די נידריגסטע שטופע פון קולטור.

ווי דער רייזענדער געלוואַלד בעווייזט, עקזיסטירט נאָך היינט דער פרויען קאָממוניזם אין ניי־זעלאַנד און אין זיד אַמע־ריקא. אַזא מין פעראייניגונג צווישען זכר און נקבה וואו יעדע נקבה געהערט צו יעדען זכר אָדער פאַרקערט, עקזיסטירט נאָך היינט אין איינינע ערטער אין אַפריקא און עס האָט עקזיסטירט אויך ביי פיעל אַמאָליגע פעלקער.

דער ערשטער, וועלכער האָט אויסגעפאָרשט די ענטוויקלונג פון פאַמיליע לעבען נאָך דעם גאַנג פון דער קולטור, איז געווען דער געלעהרטער מאָרגאַן.

ער האָט דאָס פראַקטיש אויסגעפאָרשט ביי די איראָקעזען, (אין אַמעריקא) וואו ער האָט פערבראַכט די גרעסטע טהייל פון זיין לעבען. ער האָט בעמערקט, אַז דער איראָקעז רופט זוהן און טאָכטער ניט בלויז זיינע אייגענע קינדער, נאָר אויך זיינע ברידערס קינדער, אָבער זיינע שוועסטערס קינדער, רופט ער שוין פלעמיאַניקעס און זיי איהם רופען פעטער.

ביי דער איראָקעזין, די פרוי, איז פערקערט, זי רופט די קינדער פון איהרע שוועסטער זוהן און טאָכטער גלייך ווי איהרע אייגענע קינדער און די ברידערס קינדער רופט זי שוין פלעמיאַניקעס און זיי איהר מומע. אַלע ברידערס קינדער האַלטען זיך פיר ברידער און שוועסטער. אַלע שוועסטערס קינדער האַלטען זיך אויך פיר ברידער און שוועסטער, נור די קינדער פון אַ ברודער מיט די קינדער פון אַ שוועסטער רופען זיך שוין „ערשטע גליד". און דאָס איז ניט בלויז גלאַט גערופען זיך אַזוי, נאָר עס בעווייזט ביי זיי אויף די נאָהנטקייט און וויטקייט פון קרובה־שאַפט. אַזאַ סיסטעם פון קרובה'שאַפט עקזיסטירט ביי אַלע ווילדע אין אַמעריקא, אין אינדי און אין פיעל אַנדערע ערטער. לויט די קרובה'שאַפט זעהט אויס, אַז אַלע ברידער זיינען גלייכע פאָטערס פאַר זייערע קינדער מיט די ברידערס קינדער, נאָר ניט פאַר די שוועסטערס קינדער. די שוועסטער וויעדער, זיינען גלייכע מוטערס פאַר זייערע קינדער מיט די שוועסטערס קינדער, נאָר ניט פאַר די ברידערס קינדער. ד. ה. אַלע ברידער פון איין פאַמיליע לעבען צוזאַמען מיט די פרויען און אַללע נקבות פון דער גרופע זיינען גלייכע פרויען פאַר אַלע ברידער.

די שוועסטער וויעדער בילדען צוזאַמען אַ גרופע פרויען פאַר אַ אַנדער גרופע ברידער, ניט זייערע אייגענע. אין דער צייט אָבער ווען מאָרגאַן האָט געלעבט ביי די איראָקעזען האָט ביי זיי ניט עקזיסטירט אַזאַ אַרט פאַמיליע לעבען, נאָר מען האָט געלעבט פאָר ווייז ד. ה. אַ זכר און אַ נקבה האָבען זיך

פֿערבונדען צו לעבען צוזאַמען, נאָר אָהן חופּה וְקִדושין און ביי'ן צו שיידען זיך האָבען זיי ניט געברויכט צו האָבען קיין גֵט, ווער עס האָט געוואָלט האָט צו יעדער צייט געקענט אַוועק געהן פֿון צווייטען, אין דער צייט אָבער ווען זיי האָבען יאָ צו־זאַמען געלעבט האָט די פֿרוי ניט געטאָרט האָבען קיין פֿער־בינדונג מיט אַ צווייטען. ביי אַזאַ אָרדנונג האָט שוין יעדעס קינד געהאַט נור איין טאַטען און איהם יאָ געקענט.

די פֿראַגע פֿאַר וואָס איז דאָרט די קרובה'שאַפֿט ניט נאָך דעם אַרט פֿאַמיליע לעבען, איז שווער געווען צו בעשיידען. נור אַז מען האָט געפֿונען אויף די גאַוואַאישע אינזלען אַזא אַרט לעבען צווישען זכרים און נקבות פּונקט ווי דער סיסטעם פֿון קרובה'שאַפֿט ביי די איראָקעזען, און ביי די גאַוואַיער, וויעדער, איז אויך געווען אַ סיסטעם פֿון קרובה'שאַפֿט ניט ווי זייער אייגענער אַרט פֿאַמיליען לעבען, למשל, ביי זיי האָבען געלעבט אַ גרופּע ברידייר מיט אַ פֿרעמדע גרופּע שוועסטער און אַ גרופּע שוועסטער מיט אַ פֿרעמדע גרופּע ברידער און די קינדער פֿון אַ ברודער מיט די קינדער פֿון אַ שוועסטער האָבען זיך גערעכענט פֿיר ברידער, אַלזאָ ווי די קרובה'שאַפֿט בעווייזט, איז אַ ברודער מיט אַ אייגענער שוועסטער זיינען פֿאָטער און מוטער פֿון די קינדער, אָבער ךְ זייער אַרט פֿאַמיליע לעבען, לעבט דאָך ניט צו־זאַמען אַ ברודער מיט אַ שוועסטער. דאַן ערשט איז מען שוין, נאָך פֿיעל אויספֿאָרשונגען, געקומען צו דער ריכטיגער בעהויפּ־טונג, אַז אַמאָל האָט מען טאַקע געלעבט פּונקט ווי די קרובה'שאַפֿט בעווייזט, נאָר די איראקעזען זיינען שוין מיט אַ שטופּע ווייטער אַוועק פֿון די גאַוואַיער, אָבער פֿריהער האָבען זיי טאַקע אַזוי געלעבט.

ביי די איינוואהנער פֿון די גאַוואַאישע אינזלען האָבען נאָך מיט אַ שטופּע פֿריהער צוזאַמען געלעבט אַ ברודער מיט אַ אייגע־נער שוועסטער, ווי עס בעווייזט זייער קרובה'שאַפֿט, דען דער סיסטעם פֿון קרובה'שאַפֿט טוישט זיך לאַנגזאַמער אַלס דער אָרדנונג פֿון פֿאַמיליען־לעבען.

ע נ ג ע ל ס צוטהיילט די ענטוויקלונג פֿון פֿאַמיליע לעבען,

נאָך מאָרגאַנס אויספאָרשונג, אויף פאָלגענדע פאָרמען:

1). פאַמיליע, וועלכע איז געגרינדעט אויף בלוטס־פערוואַנדשאַפט. (שאר־בשר) אָט אויף דער ערשטער שטופע האָבען צוזאַמען געלעבט אַלע קרובים, אויסער עלטער־ן מיט קינדער. ברידער מיט שוועסטער, ערשטע גליד און צווייטע גליד א. ז. וו. די אַלע זיינען צוזאַמען געווען מאַן און ווייב.

אַזא אַרט פאַמיליע לעבען איז שוין היינט ניטא, נאָר מיר ווייסען דאָס פון דעם סיסטעם קרובה'שאַפט אין פאָלינעזי און אויף די גאוואאישע אינזלען.

2). פונולואַל פאַמיליע. וועלכע איז אַ טריט ווייטער דערמיט, וואָס ברידער און שוועסטער לעבען שוין ניט צוזאַמען, נאָר אַלע ברידער האָבען נאָך צוזאַמען בְשותּפתא ווייבער און אַלע שוועסטער בְשותּפתא מאַנען. ביי אַזא אָרדנונג קען מען ניט וויסען ווער דער פאָטער פון קינד איז. די מוטער אָבער וויים יאָ וועלכע קינדער זיינען איהרע אייגענע חאָטש זי רופט אויך איהרע שוועסטערס קינדער זוהן און טאָכטער.

אויף אַזא אַרט האָט די גֶזַע געמוזט געהן נאָך דער מוטער און עס ווערט דעריבער אַנערקענט נור די קרובה'שאַפט פון דער פרויען־ליניע.

ביי אַזא פונולואַל־פאַמיליע, האָט זיך, נאַטירליך, געטראָפען, אַז אַ מאַנספערזאָן האָט געהאַט אויפטראַגען פון ליעבעסגענוס (תַּשְׁמִישׁ הַמִּטָּה) נור מיט איין פרוי פון דער גאַנצער גרופע בשותּפתא ווייבער, און די איינע איז געווען די הויפט פרוי זיינע צווישען אַלע איבריגע. אַזוי האָט זיך מיט'דער צייט ענטוויקעלט די פאָרמע:

3) פאָר פאַמיליע, ביי וועלכער מען לעבט נור צו פּאָר וויז, איין מאַנספערזאָן מיט איין פרוי. אין דער צייט וועןזיי לעבען צוזאַמען, טאָר די פרוי ניט איבערגעבען זיך אין ליעבעסגענוס מיט אַ צווייטען און ווען זי טהוט עס ווערט זי פאַר אַזא פערברעך שטרענג בעשטראָפט, חאָטש דער מאַן מעג יאָ דאָס זעלבע. צושיידען זיך אָבער קענען ביידע צְדָדים זעהר לייכט נור די קינדער בלייבען שטענדיג אונטער דער מוטער־ס רְשות.

בײַ אַזאַ אַרט פֿאַמיליע לעבען קען מען נאָך ניט פֿיהרען קײן אײגענע ווירטשאַפֿט און קינער נויטיגט זיך נאָך ניט אין דעם, דעריבער ווערט דאַן געפֿיהרט אַ קָהָלְ'שע ווירטשאַפֿט.

די גאַנצע ווירטהין בײַ די קאָממוניסטישע ווירטשאַפֿט איז די פֿרוי, אַלס מוטער פֿון די קינדער, און זי האָט די גאַנצע דֵעה, דען קײן פֿאָטערס איז דאַן ניטא.

ווען מען ווײס ניט ווער די פֿאָטערס זײנען ווערען די פֿרויען זעהר געשעצט. עס איז ניט ריכטיג, וואָס אַנדערע געלעהרטע זאָגען, אַז אין די אור־אַלטע צײט זײנען די פֿרויען געווען דינסטען בײַ די מענער, עס איז פונקט פֿאַרקערט.

דער פֿאָרשונגסרײזענדער אַרטור רײט ערצעהלט, אַז בײַ די איראקעזען, האָט די הערשאַפֿט אין שטוב געהאַט די פֿרוי; די זאַפּאסען פֿון ווירטשאַפֿט זײנען געווען קהל'שע, און ווען דער מאַן איז געווען פֿויל און ער האָט ניט געקענט צושטעלען זײן טהײל פֿאַר די קהל'שע ווירטשאַפֿט, האָט איהם די פֿרוי געקענט אַרױס טרײבען פֿון שטוב.

אַז בײַ פֿאָר־פֿאַמיליע איז נאָך אין גאַנצען ניט פֿערשוואונדען דער פונולואל פֿאָרם, בעווײזט דער מנהג, וועלכער גיט דאָס רעכט דעם מאַן פֿון דער עלטסטער שוועסטער צונעמען פֿאַר פֿרויען אַלע אינגערע שוועסטער פֿון דער ווײב, ווען זײ זײנען געוואָרען בגרות. ווײטער ערקלערט ענגעלס, ווי אַזוי מען איז איבערגעגאַנגען פֿון פֿאָר פֿאַמיליע אויף אַנדערע פֿארמען:

„ווען דער מענש האָט צו זיך צוגעוועהנט די הויזטיערען און אָנגעהויבען מיט זײ צו בענוצען זיך לעבעדיגער הײד, האָט זיך ענטוויקעלט אַ נײעס רײכטהום.

פֿון אַנפֿאַנג האָבען די אַלע סטאַדעס געהערט צום שֵׁבֶט, אָבער וואָס מעהר זײ האָבען זיך פֿערמעהרט, זײנען זײ שוין ניט געווען קהל'שע, נאָר יעדער האָט געהאַט זײן ביסעל פֿיה און די פֿיה זײנען געוואָרען אַ פּריוואַט־אײגענטהום.

צוגלײך אויך די אויסגעאַרבײטעטע כֵּלים און געווער, לוקסוס זאַכען און אַם ענדרע אויך מענשען פֿיה—שקלאַפֿען.

דאַן האָט זיך אָנגעהויבען שקלאַפֿערײ, ביז אַהער האָט מען

ניט געקענט האָבען קיין נוץ פֿון פֿרעמדע מענשליכע אַרבייטס קראַפֿט, דען אַ מענש איז דאַן ניט אימשטאנד געווען אויסצו־אַרבייטען מעהר ווי זיין אייגענער געברויך איז, דעריבער פֿלעגען זיי ביי אמלחמה ענטוועדער הרגענען די געפֿאַנגענע אָדער גאָר צו נעמען פֿאַר גלייכע ברידער אין שבט אריין; קיין אַנדער מיטעל האָבען זיי ניט געוואוסט.

איצט אָבער ווען עס זיינען צוגעקומען נייע בעשעפֿטיגונגען ווי פֿיה־צוכט, וועבען און ערד־אַרבייט, דאָס אויסאַרבייטען פֿון מעטאלען, האָט דערגרייכט אַ העכערע שטופֿע און דער מענש קען שוין אויסאַרבייטען מעהר ווי זיין געברויך אין שפּייז איז, אויף צו קענען אַרבייטען, איצט האָט מען שוין אויפֿגעהערט די געפֿאַנ־גענע צו הרגענען און צו צינעמען פֿאַר גלייכע ברידער, נאָר מען האָט זיי געמאַכט פֿאַר קנעכט זיי זאָלען אַרבייטען פֿאַר די וואָס האָבען זיי געפֿאַנגען. אַזוי ווי מען האָט אויפֿגעהערט צו עסען די פֿלייש פֿון די חיות, וועלכע מען האָט בענוצט אויף אַרבייט, אויך אַזוי האָט מען איצט אויפֿגעהערט צו הרגענען די געפֿאַנ־גענע מענשען, ווען מען האָט שוין געקענט בע־נוצען זיך מיט זייער לעבען אויף אַרבייט.

דער ווילדער אַצטעק (אין מעקסיקא), וועלכער האָט זיך געיאָגט נאָך די חיות, נאָר צוליב זייער פֿלייש האָט פֿון געפֿאַנגענעם מענשען אויך געמאַכט בלויז געשמאַקע סעודות.

אָבער דער וואַנדערענדער נאָמאַד, וועלכער האָט שוין געקענט צווינגען די געפֿיינגענע חיה זי זאָל פֿאַר איהם אַרביי־טען, האָט שוין פֿערשטאַנען צו עקספּלאָטירען אויך די לעבעדיגע קראַפֿט פֿון זיין געפֿאַנגענעם מענשען.

לויט דעם הערשענדען ארדנונג אין דעם פֿאַמיליען לעבען איז דער מאַן מחויב געווען צו צושטעלען שפּייז און די נייטיגע ווערקצייג מיט וועלכע מען בעקומט שפּייז, אַלזאָ, איז ער געווען דער בעל הבית פֿון די ווערקצייג און ביין צו שיידען זיך מיט דער פֿרוי, האָט ער דאָס מיט גענומען מיט זיך, אַלס זיין אייגענס און ביי דער פֿרוי איז געבליבען בלויז די הויז ווירטשאַפֿט.

איצט ווען עס זיינען צוגעקומען נייע קוועלען פֿון

לעבענסמיטעל, ווי פיה אונ נאַכהער די מענשליכע פיה—שקלאַ־פען, האָבען די נייע קוועלען פון לעבענסמיטעל אויך געהערט צום מאַנספערזאָן, אַזוי האָט ער בעקומען אַ גרויסען רייכטהום, נאָך זיין טוידט אָבער איז זיין רייכטהום ניט איבערגעגאַנגען צו זיינע אייגענע קינדער, וועלכע האָבען געהערט צו דער מוטערס משפחה, דען דאַן האָט זיך אנערקענט נור די קרובה'שאַפט פון דער פרויען ליניע אונ די קינדער האָבען געהערט בלויז צו דער מוטער אָבער ניט צום פאָטער.

ווייל ביי די פריהעריגע ארדנונגען פון פאַמיליע לעבען האָט מען ניט געקענט וויססען ווער דער פאָטער איז, דעריבער האָבען דעם פערמעגען נאָך דעם פאָטערס טוידט צוגענומען די קרובים פון זיין מוטערס צד. דעם פאָטער אָבער, וועלכער האָט שוין איצט ביי דעם ארדנונג פון פאָר פאַמיליע גאַנץ גוט געוואוסט ווער זיינע אייגענע קינדער זיינען, איז געוועהנליך, אַ שאָד גע־וועֶן, אַז זיי זאָלען איהם ניט ירשענען, דאָס האָט געבראַכט דאַצו אַז מען איז איבערגעגאַנגען פון „מוטער־רעכט" אויף פאָטער־רעכט" אונ די קינדער האָבען שוין געהערט צום פאָטערס פאַמיליע. דאָס האָט געמאַכט אַז די פרוי איז געוואָרען געפאַלען.

דער מאַן האָט צוגענומען די ממשלה אפילו אין שטוב אונ די פרוי איז ביי איהם געוואָרען אַ דינסט צו ערפילען זיין תאוה אונ צו געבוירען קינדער. פון דעם, וואָס דער מאַן איז געוואָרען דער גאַנצער הערשער, איז אַרויס געקומען דאס פ א ט ר י א ר כ א ־ ל י ש ע פ אַ מ י ל י ע ל ע ב ע ן, וועלכעס איז בעשטאַנען אין דעם, דאָס אַ געוויססע אָרגאַניזאַציאָן פון פרייע אונ ניט פרייע מענער מיט פרויען אונ קינדער האָבען זיך געפונען אונטער דעם רשות פון עלטסטען איבער דער פאַמיליע. „פאַמולוס" בעדייט אַ הויז קנעכט אונ „פאַמיליע"—אַ סך קנעכט.

דעם אויסדריק „פאַמיליע" האָבען די רוימער אָנגענומען אויפ'ן הויזליכען לעבען, אום צו בעצייכענען דערמיט דעם קראַפט פון עלסטען איבער דער פאַמיליע.

צופערהיטען די טריהייט פון דער פרוי אונ אום זיכער צו זיין, אַז די קינדער וואַקסען פון פאָטער, איהר מאַנן, האָט מען איינגעפיהרט

זעהר אַ שטרענגען אָרדנונג אין דער פֿאַמיליע, אַזוי שטרענג, אַז דער מאַן האָט געהאַט דאָס רעכט צו הרגענען זיין ווייב, ווען זי האָט זיך איבערגעגעבען אין ליעבעס-געננום מיט אַ צווייטען. חאָטש ער האָט געקענט לעבען מיט עטליכע ווייבער. ביי אַזא פאַטריאַרכאַלישען פֿאָרם, איז דער פֿאָטער געוועזען דער הערשער פֿון דער גאַנצער פֿאַמיליע און ער אַליין האָט געקענט, ווי די פֿרוי אַזוי איך די קינדער און די איבעריגע אונטערטהאנער אָפּ'משפּט'ען אויף טוידט. דער פּאַטריאַרכאַלנער פֿאָרם איז אַ איבערגאַנג פֿון פּאָר פֿאַמיליע צו:

4) מאָנאָגאַמיע. (איין ווייב) דאָס אַרט לעבען פֿון פּאָר-פֿאַמיליע איז דער לעצטער שטאפּעל אין דעם באַרבאַרישען פּעריאָד און מיט מאָנאָגאַמיע הייבט זיך שוין אָן ציוויליזאַציע.

מאָנאָגאַמיע אונטערשיידעט זיך פֿון פּאָר פֿאַמיליע מיט איהר פֿעסטען פֿערבונד צווישען די פֿערהייראַטעטע און מען קען דאַן שוין ניט אַזוי לייכט צורייסען דעם בונד.

דער מאַן האָט נאָך אין אָנהויב דאָס רעכט צו געבען דעם ווייב אַ גט פֿאַר איהר קלענסטען פֿערברעך. אָבער דאָך קען ער שוין ניט, אַזוי ווי ביי פּאָר פֿאַמיליע, גאָר אָהן איין אורזאַכע אַוועק געהן פֿון דעם ווייב ווען ער וויל.

איבערהויפּט איז געבונדען די פֿרוי און זי קען איהם ניט פֿערלאָזען אָהן זיין ערלויבעניש. אָבער ביי פּאָר פֿאַמיליע האָט זי ניט געברויכט צו האָבען קיין פֿון איהם שום ערלויבעניש אויף דעם. איבער דעם וואָס די פֿרויען זיינען פֿון פֿריהער געוואָהנט געוועזען צו האַלטען פֿיר לייכט די פֿערבינדונג מיט'ן מאַן, פֿלעגען דעריבער איצט, די מענער ביי דער נייער אָרדנונג פֿון מאָנאָגאַמיע, זיי שטאַרק היטען.

אין פֿיעל ערטער ווי, למשל, אין אפֿיני, האָט מען אפילו מיידלאך געהאַלטען פֿערשלאָסען און פֿאַר די פֿרויען איז געוועזען אין הויז אַ בעזונדער עקסטרע צימער וואָהין אַ פֿרעמדען מאַנספּערזאָן איז שווער געוועזען צו צוקומען און וואו די פֿרויען פֿלעגען זיך בעהאַלטען ווען עס פֿלעגען קומען צום מאַן געסט.

נאָך מיט דער צייט איז דעם מאַנס מֶמְשָׁלָה אָפּגעשוואַכט

געוואָרען אונ היינט אין אונזער צייט האָט שוין די פרוי אַביסעל מעהר פרייהייט אונ אַכטונג.

מאָרגאַן במערקט זעהר ריכטיג, דאָס דער היינטיגער פאָרם פון לעבען צווישען מאַן אונ ווייב איז נאָך ניט דער לעצטער, עס ברויך זיך נאָך מעהר צו ענטוויקלען, אַזוי, אַז עס זאָל קיין שום אונטערשיעד ניט זיין צווישען די רעכטע פון מאַן אונ ווייב.

VI.

## קליידער אונ וואהנונגען.

אָננעהמענדיג דעם סיסטעם, אַז דאָס מענשליכע געשלעכט קומט אַרויס נור פון איין וועלט־פונקט, וועלכער איז געוועזען אַ הייסער ערדשטריך, איז פערשטענדליך, אַז דער געברויך אין קליידער האָט זיך ביין מענשען ערוועקט זעהר שפעט. פיעל פעלקער, ווען די רייזענדער האָבען זיי צום ערשטען מאָל געפונען, זיינען נאָך געגאַנגען נאַקעט, ווי אָדם הָרִאשון איידער ער האָט גענעסען פון עֵץ הַדַעַת.

דער פאָרשונגס־רייזענדער ש ז אַ ן פ אָ ל זאָגט: „וואָס מעהר מען איז נאַרישער דעסטא מעהר פוצט מען זיך, דעריבער זיינען די נאַרישערע חַיות, ווי שרצים, בונט־פאַרביגער פאַר אַלע".

די ריכטיגקייט פון די ווערטער זעהען מיר אויך אין דער קולטור געשיכטע. אויף וואָס פאַר אַ נידריגע שטופע פון קולטור אַ פאָלק זאָל ניט שטעהן, ווי קליין זיינע מאַטעריעלע געברויכע זאָל ניט זיין, האָט עס שוין אַ חֵשֶׁק צום פוצען זיך.

מ י ר פוצען זיך מיט אונזערע קליידער, די פעלקער אָבער, וועלכע טראָגען ניט קיין קליידער פוצען זיי דעם נאַקעטען קערפער אַליין, דעריבער געפינען מיר אין פיעל ערטער דעם מנהג אַרום צו מאָלען דעם מענשענס קערפער.

די נארד אינדיאַנער פלעגען אַלע טאָג פאַרבען דאָס פנים.

די גוראָנער פֿלעגען לויפֿען חאָטש צוואַנציג מייל, אַבי צו געפֿינען געפֿאַרבטע ערד.

ווען די אייראפייער האָבען אין פֿאָריגען יאַהרהונדערט צום ערשטען מאָל בעזוכט די „פֿייערלענדער" האָבען זיי געזעהן ווי די דארטיגע איינוואָהנער פֿאַרבען זייער געזיכט מיט רויטע אונ שוואַרצע פֿאַרב אונ אַרום די אויגען מיט ווייסע.

דאָס זעלבע פֿלעגען אויך טהון די אויסטראַליער.

איבער דעם וואָס מען האָט זעהר אָפֿט געברויכט צו פֿאַרבען זיך האָט מען אָנגעהויבען צו זוכען אַ מיטעל, אַז מען זאָל קענען מיט איין מאָל אַזוי אָפּפֿאַרבען זיך, אַז עס זאָל זיך שוין קיינמאָל ניט אָפּמעקען; דאָס האָט געבראַכט דאַצו, אַז מען האָט ערפֿונדען דאָס טאַטואירען.*) ווען מען האָט געוואָלט דעם קערפּער טאַטואירען פֿלעגט מען נעמען אַ קעמעל, וועלכער איז בעשטאַנען פֿון די ציינער פֿון אַ אַקולע (אַזא מין גרויסע פֿיש) אַוועק שטעלען איהם אויפֿ'ן מענשענס הויט אונ קלאַפּענדיג מיט אַ האַמער אויפֿ'ן קעמעל פֿלעגען די ציינער אַריין קריכען אין הויט אונ מאַכען לעכער, אונ אָט די לעכליך פֿלעגט מען פֿער־שמירען מיט סאַשזע אויסגעמישטע מיט עהל אונ אויף אַזא אופֿן איז אויף דעם אָרט געוואָרען אין קערפּער שענע צייכענס, וועלכע האָבען זיך קיינמאָל ניט אָפּגעמעקט.

אויסער טאַטואירען אונ פֿאַרבען דעם קערפּער, געפֿינען מיר פֿיעל פֿעלקער, וועלכע פֿלעגען זיך מאַכען איינשניטען אין פֿלייש אין פֿערשידענע ערטער פֿון קערפּער, אויפֿ'ן שטערן, אויפֿ'ן באַק, אויפֿ'ן ברוסט א. ז. וו. מילה געהערט אויך דאַצו.

די איינשניטען אין לייב האָבען אין פֿערשידענע צייטען געהאַט בעזונדערע צוועקען.

דאָס ערשטע נעמט זיך דערפֿון, וואָס די אור־אַלטע מענ־שען פֿלעגען הרגענען די קינדער אונ איבערהויפּט פֿלעגען זיי הרגענען דאָס ערשטע געבוירענע קינד, דעם בכור, זיי האָבען

---

*) טאַטואירען הייסט אויסשטעכען אַלערליי פֿיגורען, צייכענס, בילדער אויפֿ'ן לייב (שרט שרטת).

עס זאגאר געמאַכט פאַר אַ געבאָט פון דער רעליגיאָן אונ יעדער בכור האָט געהערט צו גאָטט אונ צו איהם געמוזט געבראַכט ווערען פאַר אַ קָרְבָּן.

ווייל דעם מאַנספערזאָן מיט דער נקבה האָט זיך ניט געוואָלט אַזוי גיך צו צושיידען, דען, ווי מיר ווייסען שוין, פלעגען די פרויען זיך אָפּשיידען פון די מענער נאָך דעם געבאָרען ווערען פון אַ קינד אום זיי זאָלען ניט באַלד שוואַנגער ווערען אונ געניט זיין צו הרגענען דאָס צווייטע געבארענע קינד, ווייל זי איז ניט אימשטאַנד געוועזן צוויי קינדער צו ערנעהרען, דאַדורך איז געוואָרען דער מנהג צו מקריב זיין דעם בכור פאַר גאָטט. שפּעטער אָבער ווען דאָס ערנעהרען קינדער איז געוואָרען אַביסעל לייכטער, ווייל מען האָט שוין געהאַט מילך פון טיערען אונ ברויט, אַזוי, אַז דאָס קינד האָט שוין געקענט אויסקומען אָהן דער מוטערס מילך אונ ניט געברויכט צו זייגען ביז פיער פינף יאָהר, האָט מען שוין דאַן אויפגעהערט צו הרגענען די קינדער, נאָר דער בכור האָט נאָך אַלץ געהערט צום „הויז גאָטט". *) דעריבער, ווען מען האָט דאָס ערשטע קינד, דעם בכור, ניט געוואָלט הרגענען, פלעגט איהם דער פאָטער אויסקויפען ביים „הויז גאָטט", ד. ה. אנשטאַדט דעם קרבן האָט מען געבראַכט אַ אַנדער קרבן: דער פאָטער פלעגט זיך אָדער דעם קינד איינשניידען אין לייב, אונ דאָס בלוט איז געוועזן אַ קרבן פאַר דעם בכור.

אין אַ אַנדער שפּעטערע געוויססע צייט ווידער, האָט מען זיך געמאַכט איינשניטען אין לייב איבער דער אורזאַך, ווייל דער אור־אַלטער מענש האָט גערעכענט נור „בלוטס פערוואַנדשאַפט" פאַר אַ קרובה'שאַפט, נאָר אַ שְׁאֵר בָּשָׂר קען זיין אַ קרוב. אויך האָבען זיי דאַן גערעכענט, אַז נאָר איינע בלוט־קרובים

*) „הויז גאָטט" איז דער גאָט, וועלכער האָט בעשיצט די הויזפאַמיליע. דער סימבאָל פון דעם גאָטט איז געוועזן „דאָס הייליגע פייער", וועלכעס האָט שטענדיג געברענט אויפ'ן אַלטאַר אין הויז פון יעדען גרעק אָדער רוימער, דער פריסטער ווייערער איז געוועזן דער עלטסטער איבער דער פאַמיליע.

קענען צוזאַמען לעבען בשלום, דעריבער ווען די מאַנסליים האָבען געוואָלט זיך פערבינדען אין אַ אָרגאַניזאַציע, אום צוזאַמען אַרבייטען, פיהרען מלחמות, צו פערהיטען זיך פון די שונאים א. ז. וו., האָבען זיי זיך צו דעם צוועק געמאַכט איינשניטען אין לייב.

יעדער נעמט זיין בלוט און מישט זי אוים מיט דעם צווייטענס בלוט און זיי ווערען דורך דעם ברידער.

נאַכהער ווידער האָט מען זיך שוין געמאַכט איינשניטען אין לייב אַלס אַ הערב, אַ אות בְּרִית, אַז מען געהערט צו דעם אָדער צו יענעם גאָטט אָדער צו אַ בעשטימטען שֵׁבֶט.

איינינע פעלקער האַקען זיך אוים ציין אָדער זיי האַקען אָפּ האַלבע ציין, נאָר צוליב דעם אום זיי זאָלען האָבען אַ צייכען, וועלכער זאָל זיי אונטערשיידען פון אַנדערע פעלקער.

ווען צוויי אונבעקאַנטע האָבען זיך געטראָפען אין וואַלד האָבען זיי ערקענט נאָך די בעפוצונג און איינשניטען פון קערפּער מיט וועמען זיי האָבען צוטהון: צי מיט אַ פריינד צי מיט אַ שונא.

די איינשניטען האָבען זיך מיט דער צייט געטוישט אין פערשידענע פאָרמען, אַזוי לאַנג ביז מען האָט אין גאַנצען אויפגעהערט צו מאַכען אויפ'ן לייב איינשניטען, און מען איז שוין יוצא געווען מיט צייכענס אויף די קליידער און יעדעס פאָלק האָט געהאַט אַ אַנדער צייכען אויף די קליידער. אידען האָבען אויך געמאַכט דעם פּראָגרעסיווען טריט פאָרווערטס און אַלס אַ נאַציאָנאַל צייכען זיינען געוואָרען די ציצית.

דאָסזעלבע איז אויך געווען מיט די האָר. יעדעס פאָלק האָט אויף אַ אַנדער אַרט פערקאָמט די האָר און דאָס איז געווען צוגלייך ווי די איינשניטען אין הויט, אַ צייכען פון שבט, מען האָט דערמיט אונטערשיידעט איין שבט פון צווייטען. און אַזוי ווי מיט די איינשניטען אין הויט אַזוי איז אויך דערמיט פערבונדען אַ רעשט פון די רעליגיעזע מנהגים.

ביי די חינעזער איז דער צאָפּ געבליעבען אַזוי הייליג, ווי די באָרד און פאות ביי אידען, אָדער דער פערשידענער אַרט שערען די האָר ביי די קריסטליכע מאָנאַכען, עס ווענט זיך נאָר אָן דעם צו וועלכען ארדען זיי געהערען.

דער חשק אויסצוזעהען שענער פאר דעם צווייטען האט געבראכט צו פערשידענע ארטען בעפוצונגען פון קערפער.

די אינדיאנער פלעגען אויסשטעכען לעכליך אין די אויערן און דארט אריין שטעקען פינקלענדיגע זאכען.

דאסזעלבע געפינען מיר אויך אין אויסטראליע, פאלינעזי און אפריקא. פיעל אויסטראלישע פעלקער פלעגען זיך אריין שטעכען אין נאז ביינער, און זיי האבען ליעב געהאט צו טראגען ביינערנע רונגען אויף די פינגער. מיר האבען שוין אפילו אויפגעהערט צו טראגען די אונבעקוועמע נאזרונגען אבער פינגערליך און אוירינגליך טראגען מיר נאך עד היום. זאגאר מאנספערזאנען טראגען אמאל איין אוירינגיל, וועלכער, ווי מען גלויבט, פערהיט פון געוויססע קריינק. און מיר זעהען עס טאקי נור ביי ציטעריגע בני־יחידים.

אום אוים צוזעהען שענער האט מען אנגעהויבען אויפ־צוהייגען אויפ'ן קערפער פערדערן, בענדער פון קארע א. ז. וו..

דאס בעסטע ארט פון קערפער צום אויפהייגען עפים, אז עס זאל זיך האלטען, זיינען די ביאדרעס; דעריבער זיינען אם מייסטען בעפוצונגען געהאנגען אויף דעם אונטערשטען האלבען קערפער, אט דאדורך האבען די ערשטע רייזענדער געמיינט, אז די ווילדע פערדעקען דעם אונטערשטען האלבען קערפער מעהר ווי דעם אויבערשטען צוליב בושה, אבער דאס איז ניט ריכטיג, דען צו דיזעלבע רייזענדער פלעגען די פרויען ארוים געהן פון די וואהנונגען נאקעט און זיי פלעגען זיך ניט שעמען צו שטילען די תאוה פאר פרעמדע אין די אויגען.

אין די קעלטערע ערטער וואו די נאטור אליין האט גע־פאדערט, אז מען זאל צודעקען דעם קערפער, איז מען שוין אויפ'ן פוטץ ניט אזוי אויפמערקזאם געווען.

די נידריגסטע שטופע פון קליידער האט מען געפונען, אין פאריגען יאהר הונדערט, ביי די איינוואהנער פון פייערלאנד, וועלכע פלעגען זיך איינוויקלען אין א פעל פון א ים־הונד.

א פארטשריט ווייטער האבען געמאכט אין דעם הינזיכט די פאטאגאנער, וועלכע פלעגען איפנייען מיט פעל־שניר איניגע

פעל צוזאַמען אום עס זאָל זיין ברייטער אונ האָבען אַרומגע-בונדען מיט אַ גאַרטעל די צונויף גענייטע פעל אַרום קערפּער.

דאַדורך וויל מען האָט זיך אין די קאַלטע געגענדען גע-נייטיגט אין קליידער האָט דאָרט דעריבער דער מענש אָנגעהויבען זעהר פריה צו קלערען וועגען בעאַרבייטען די פעל.

זעהר פיעל צייט אונ מיה האָט געמוזט קאָסטען איידער מען איז דערגאַנגען צו דובלירען פעל. אַם מעהרסטען האָבען זיך אין דער קונסט אויסגעצייכענט די אינדיאַנער.

דער מענש האָט צוגערעקט זיין נאַקעטען קערפּער אויך מיט ראָגזשעס אויסגעפלאָכטענע פון קאָרע.

דערהויפט האָט מען די ראָגזשעס געפלאָכטען אין די ערטער וואו עס איז געווען וועניג חיות אונ עס האָט געפעלט פעל אויף איינצוהילען דעם קערפּער.

די קונסט פון פלעכטען האָט אַרויף געבראַכט אויף אַ צווייטע קונסט וועבען.

אומעטום וואו עס האָט זיך בעוויזען די קולטורע פון פלאַקס, האָבען זיך די פרויען בעשעפטיגט מיט שפּינען אונ וועבען.

נאָר אין עגיפּטען האָבען זיך דערמיט בעשעפטיגט אויך מאַנסלייט.

דאָס ליינוואַנד האָט אומעטום אַרוים געשטופּט די פוטער וואָל אונ עס איז געוואָרען אַ וויכטיגער מאַטעריאל אויף קליידער אין דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט. ליינוואַנד האָט אין זיך די מעלה, וואָס זי איז ריינער פאַר וואָל אונ מילבען פרעסען איהר ניט אויף.

דער געברויך פון קליידער אונ וואָהנונגען זיינען איינע מיט די אַנדערע צוזאַמען געבונען, אונ אַזוי ווי קליידער, אַזוי אויך וואָהנונגען, האָט דער מענש צום ערשטען אָנגעהויבען זוכען אין די קאַלטע ערטער.

די ערשטע דירה דעם מענשענס איז געווען אַ הויל אין דער ערד (אַ מַעָרָה). די דירות זיינען דערהויפּט געווען אויפ'ן ווינטער, זומער אָבער פלעגט מען אויפשטעלען אַזעלכע שירעמס פון פעל, וועלכע האָבען פערהיט דעם מענשען פון ווינט אונ

אין וועלכע עס איז געשטאַנען דאָס פייער אום דער ווינט זאָל עס ניט אויסלעשען.

די שירעמס האָט מען אַלע מאָל פערגרעסערט, ביז מען האָט זיי אָנגעהויבען צובינדען צו אַ סלופּ, און אַזוי איז אַרויס־געקומען דער ערשטער געצעלט (אֹהֶל) אָדער סֻכָּה.

---

VII.

# מעטאלען.

דאָס האָבען מיר שוין פריהער בעוויזען פיר אַ בעשטימטע זאַך, אַז אויף דער ערשטער שטופע פון קולטור, האָט מען זיך בענוצט מיט שטיינערנע ווערקצייג און געווער. די פעלקער, וועלכע האָבען ניט געקענט איבערטווישען די שטיינער אויף אייזען האָבען זיי געמוזט בלייבען שטעהן אויף איין שטופע און ניט געקענט ווייטער זיך ענטוויקלען.

פיעל חפצים, כלים און אַנדערע פראָדוקטען, וואָס מאַכען דעם מענשענס לעבען איינגענעם און בעקוועם, קענען זיי אַנדערש ניט אויסגעאַרבייט ווערען, ווי דורך די הילף פון מעטאַלען. שטעלט אייך נאָר פאָר בלויז הייזער. דעם מענשען וואָלט דאָך אויסגעקומען שטענדיג צו וואָהנען אין אַזעלכע סכות, ווען ניט די אייזערנע געצייג דורך וועלכע מיר זיינען אימשטאַנד אויפ־צובויען געביידעס, וועלכע זיינען בעקוועם פאַר דעם מענשען צו וואָהנען אין זיי.

נאָך גאַנץ פריה האָט זיך שוין דער מענש בעקאָנט מיט אייזען, אָבער ניט מיט אויסגעגראָבענעם פון דער ערד, נאָר מיט מעטעאָר אייזען, וועלכען ער האָט געפונען פון אויבען אויף דר'ערד.

די גאַנץ גרעסטע שטיקער מעטעאָר אייזען, וועלכע פאַלען אַראָפּ פון דער הויך, אָדער, ווי מען רופט עס, פון „הימעל"

געפינט מען אין גרעלאַנד. (אין אַמעריקא). דאָרט איז דאָ שטיקער מעטעאָר אייזען, וואָס וועגען ביז 600 צענטנער (אַ צענטנער איז 3 פוד מיט 4 פונט).

אין קאָפּענהאַגענער אונ סטאָקהאָלמער מוזעאום געפינען זיך צוויי מעטעאָר שטיינער פון וועלכע איינער וועגט 500 אונ דער צווייטער 200 צענטנער *).

דער עסקימאָס פלעגט מאַכען מעסערס אונ געוועהר פון מעטעאָר אייזען, נאָר דאָס אייזען האָט ער בעאַרבייטעט קאַלטער הייד. אויף אַזא אַרט האָט מען דאָס אייזען ניט געקענט בעאַרבייטען בעסער ווי שטיינער אונ ער האָט פון דעם אַ קליינע נוץ געהאַט.

די ריכטיגע אייזען—פעריאָד הייבט זיך ערשט אָן פון דער צייט ווען דער מענש האָט אָנגעהויבען אויסצוגראָבען די רודעס פון דער ערד אונ ער האָט זיך אויסגעלערנט צו בעקומען פון די רודעס אייזען, דורך די הילף פון פייער אונ ערקלערט צו שמידען דאָס אייזען אין וואָס פאַר אַ פאָרם מען וויל.

אַבלאָזזאַק צום אויפבלאָזען דאָס פייער האָט מען ערפונדען נאָך אין די גאַנץ אַלטע צייטען, נאָר געוועהנליך זיינען די ערשטע בלאָזזעק געוועזן איינפאַכער ווי אונזערע.

מיר רעכענען פיר נייטהיג צו בעמערקען, אַז פיעל פעלקער האָבען ניט געוואוסט פון בראָנז אונ די, וואָס האָבען אפילו יאָ געוואוסט, האָבען זיי דאָס טייער געהאַלטען פונקט ווי גאָלד אונ זילבער.

דען בראָנז איז אַ צוזאַמען שמעלץ פון 9 טהייל קופער אונ 1 טהייל צין אונ צין געפינט זיך אין זעהר וועניג ערטער פון דער ערד.

ליפפערט ווייזט זעהר ריכטיג אויף, אַז אייזען האָט מען פריהער בעאַרבייטעט ווי בראָנז, דען צו די קונסט פון צוזאַמען שמעלען דאָס קופער מיט'ן צין אונ דערפון צו מאַכען בראָנז

*) אַ אינטערעסאַנטע ערקלערונג איבער די מעטעאָרען זעה אין דעם ביכל „שטיינער וואָס פאַלען פון הימעל"

זיינען נאָר פֿעהיג די פֿעלקער, וועלכע האָבען שוין מיטלען צו בעאַרבייטען אייזען.

דאָס וואָס די אַרכיאָלאגען רעכענען, אַז בראָנז האָט מען פֿריהער בעאַרבייט ווי אייזען, נעהמט זיך דער מָזעות זייערער דערפֿון, וואָס אין פֿיעל קְבָרים וואו מען פֿלעגט אַמאָל צוזאַמען מיט דעם טוידטען קערפּער פֿערבעהאַלטען אויך זיינע ווירטשאַפֿט, האָט מען געפֿונען בראָנזענע כלים אַליין, בעווייזט דאָס דעריבער נאָך זייער מיינונג, אַז עס איז געוועזען אַ געוויסע צייט וואָס מען האָט געמאַכט בלויז בראָנזענע כלים און פֿון אייזען האָט מען ניט געוואוסט, אָבער דאָס האָבען די אַרכיאָלאגען ניט בערעכענט, דאָס עס קען גרייליך זיין, אַז מען האָט טאַקע אַריין געלייגט אין קבר צוזאַמען מיט די בראָנזענע אויך אייזערנע כלים, נאָר אייזען קען וועניגער ליגען אין דער ערד ווי בראָנז דען זי וועהעט זיך אויס.

---

## VIII.

# רעליגיע.

דער פּראָפֿעססאָר אָטטאָ קאַספּאַרי בעהויפּטעט, אַז אֶמונה האָט זיך אָנגעהויבען גלייך מיט די ערפֿינדונג פֿון פֿייער. דיזע בעהויפּטונג האָבען פֿיעל געלעהרטע אָנגענומען.

די ערפֿינדונג פֿון פֿייער האָט געבראַכט דאַצו, דאָס דער מענש האָט אָנגעהויבען צו בעוואונדערן אַ אונבעוואוסטען קראַפֿט, וועלכער געפֿינט זיך אין דער נאַטור.

ווען ביי טאָג איז דער מענש פֿעהיגער געוועזען ווי די רויבטהיערע, ער האָט געקענט זעהן ווי אַזוי זיך צו בעהאַלטען, אַז זיי זאָלען איהם ניט אַרויס זעהן און אויף זיי פּלוצליג אָנפֿאַלען. דערפֿאַר איז אָבער ביי נאַכט די רויבטהיערע מעהר בריה געוועזען און זי האָט געקענט אויף דעם מענשען אָנפֿאַלען אונבעמערקטער

הייד. דעריבער האָט דער מענש שטאַרק מורא געהאַט פאַר דער נאַכט און האָט זיך שטענדיג פאָרגעשטעלט פון דער פינס־טערניש שרעקעדיגע בילדער און געהאַט פאַר איהר גרויס שרעק. לסוף איז די מורא׳דיגע פינסטערניש, פאַר וועלכער ער האָט זיך אַזוי שטאַרק געשראָקען, אָפגעטראָטען פאַר דעם פייער און פאַר איהם גאָר מורא געהאַט, אפילו די רויבטהיערע האָבען אויך מורא געהאַט פאַר דעם פייער און פאַר איהם אַנטלאָפען.

אָט דאַדורך איז דאָס פייער געוואָרען אין דעם מענשענס אויגען אַזא גייסטיגע קראַפט, וועלכע ער האָט ניט פערשטאַנען פון וואַנען זי נעמט זיך.

און יעדע קראַפט, וואָס דער מענש ווייס ניט די אורזאַכע פון איהר, מאַכט ער דאָס, ווי עס איז בעוואוסט, פאַר אַ הייליג־קייט און ער האָט פאַר דעם אָבשיי.

ווייטער, אַזוי ווי צו מאַכען פייער איז דאַן געווען זעהר שווער און ניט יעדער האָט עס געקענט בעגרייפען, דעריבער די, וועלכע האָבען יאָ געוואוסט די קונסט, האָבען זיי זיך אָנגעקריינט מיט אַ בלישצענדע קרוין פון מופתים און יעדער פייער מאַכער איז געווען אַ בַּעַל מוֹפֵת.

אָט דעם וואונדערליכען בעקומען פייער פון האָלץ האָט מען גערופען כִּשּׁוּף און די פייער מאַכער — מְכַשְּׁפִים, אָט די ערשטע פאָלשע מכשפים זיינען אַלזאָ געווען די ערשטע גאָטטער און גאָטצענפריסטער צוזאַמען.

זייער קראַפט איז בעשטאַנען דערויף, וואָס זיי האָבען געוואוסט אָדער געקענט מעהר ווי דער גאַנצער הָמון.

זייער יִחוּם איז שוין געוואָקסען פון זייערע גייסטיגע פעהיג־קייטען און אַזוי זיינען זיי אין גיכען געוואָרען די כֹּהֲנִים און די פאָרשטעהער פון דער מענשליכער וויססענשאַפט.

די אַכטונג און עהר־פורכט, וואָס מען האָט פריהער גע־האַט פאַר דעם עלטסטען פון שבט, האָט זיך יעצט פערשפרייט אויף די כִּשּׁוּף מאַכער און זייער הערשאַפט איז וואָס אַ מאָל מעהר געוואָקסען, זיי האָבען זיך גערעכענט פאַר די אַנְשֵׁי קוֹדֶשׁ און מען האָט פאַר זייערט וועגען מַקְרִיב געווען קָרְבָּנוֹת.

ווי דער לעזער זעהט דאָ, האָט זיך די גאָטצענפּריסטעריי (כֹּהֲנים פון דער עבוֹדָה זָרָה) אָנגעהויבּען דורך דער ערפינדונג פון פייער; צו דער זעלבּער צייט איז אויך געקומען דער פ ע ט י ש י ז ם.

פריהער האָט מען דעם פלאַם פון פייער געהאַלטען פאַר אַ שלאַנג, נאַכהער האָט מען עס געמאַכט פאַר אַ פעטיש *).

דער זעלבּער פעטישער בּליק האָט זיך אויך פערשפּרייט אויף וואַססער, רויך, און לופט וועלכע זיינען וואַרים ווי פייער.

צוגלייך האָט מען געמאַכט פאַר פעטישען די מאַטעריאַלען פון וועלכע מען בעקומט פייער, ווי האָלץ און שטיינער.

צוליבּ דיזעלבּע אורזאַכע האָט מען אָנגעהויבּען צו פער-גאָטטערן די הימעל קערפּער ד. ה. די זונן, לבנה און שטערן, ווייל זיי לייכטען און וואַרימען פונקט ווי פייער. דאָס הייסט ס אַ בּ ע א י ז ם אָדער עֲבוֹדַת כּוֹכָבִים וּמַזָלוֹת.

די פייער עפּאָכע האָט בעשאַפען פאַר דעם מענשען גאַנץ נייע בּעגריפען.

דאָס שוואַנגער ווערען פון אַ פרוי, דאָס געבּוירען ווערען פון אַ קינד, דאָס קריינקען פון מענשען און דער שטאַרבּען, זיינען שטענ-דיג געווען אונבּעגרייפליכע ערשיינונגען, אויף וועלכע עס האָט זיך אָפּגעשטעלט דער קינדערשער דענקען פון אור-אַלטען מענשען.

און דורך דעם אונבּעגרייפליכען קראַפט פון פייער האָט ער עס געוואָלט בּעשיידען. אין יענער צייט האָבּען זיי נאָך ניט געהאַט קיין בּעגריף וועגען נְשָמָה און גייסט אַזוי ווי זיי האָבּען נישט געהאַט קיין פערשטעלונג וועגען גאָטט. אין דער עפּאָכע פון פייער האָט זיך צום ערשטען ענטוויקעלט די ערשטע צוויי בּעגריפען פון נ ש מ ה און ג י י ס ט, נאַכהער האָט זיך אויך ענטוויקעלט דער דריטער בעגריף פון ג אָ ט ט. איינע פון די הויפּט כחות פון פייער איז בּעשטאַנען אין די וואַרימקייט, וואָס זי ענטהאַלט אין זיך, דעריבּער האָט

*) יעדע אונבּעוועגענדע זאַך וואָס דער ווילדער פערהיילינט דאָס, ווי שטיינער, האָלץ א. ז. וו. אָדער פערהייליגטע חיות ווי פיש, הינט, פויגעל א. ז. וו. רופט זיך עס אָן פ ע ט י ש און דער דינען צו דעם פ ע ט י ש י ז ם.

וואַרימקייט שטענדיג דעם מענשען דערמאָנט אָן פייער, אונ ווען מען האָט בעמערקט, אַז דער מענש אַטהעמט פון זיך אַרויס וואַרימקייט, האָט מען זיך פאָרגעשטעלט, אַז אינעווייניג אין מענשען טליעט זיך אַ פייער, דאָס הייסט אַז אין מענשען געפינט זיך דער שטאַרקער אונ הייליגער קראַפט, דאָס איז געווען דער ערשטער בעגריף פון נשמה.

מיט דעם בעגריף, אַז דעם מענשענס נשמה איז פייער, איז פערבונדען דער מנהג צו פערברענען דעם קערפער פון געשטאָרבענעם מענשען (למשל אין אינדיע) אום דער קערפער זאָל געהן צוריק צו דעם קוואַל פון זיין נשמה—דאָס פייער.

פון דעם קומט אַרוים קָרְבָּנוֹת אונ דער קולט (גאָטטעס דינסט) פון געשטאָרבענע עלטערן, ווערכער בעשטעהט אין דעם, דאָס די געשטאָרבענע פון דער פאַמיליע, איבערהויפט די עלטסטע, ווערען נאָכ׳ן טוידט פערגאָטטערט אונ מען איז פיר זייערט וועגען מַקְרִיב קרבנות.

אין געוויססע שטופען פון ענטוויקלונג האַלט דער מענש יעדען געשטאָרבענעם פאַר אַ הייליגעם וועזען.

פון עהרען טוידטע האָט זיך ענטוויקעלט דער קולט וואו יעדע פאַמיליע האָט איהר פערגאָטטערטען טוידטען פאַמילאַנט, ווערכער בעזאָרגט זיך וועגען דער לעבעדיגער פאַמיליע אונ בעשיצט איהר פון אַלע אומגליקען.

דערהויפט ראָלע אין דעם קולט שפּילען די מאַנסלייט, דעריבער איז אין יעדע פאַמיליע זעהר נייטהיג געווען אַ מאַנספערזאָן, אונ דאַדורך איז חתונה האָבען געוואָרען אַ געבאָט פון דער רעליגיאָן אונ פיר ניט חתונה האָבען פערפלוכט גאָטט. צוליב דעם דאַרף מען זיך צו גֶטֶען מיט אַ עֲקָרָה *). אונ אַ קינדערלאָזע אַלְמנה מוז חתונה האָבען מיט׳ן געשטאָרבענעמס ברודער.

צוזאַמען מיט דעם פייער־קולט אונ כשוף ד. ה. גלייך מיט

---

*) דאָס רעכט צו גט׳ען זיך צוליב קינדער איז ניט בלויז ביי אידען אונ ניט דוקא ביי די אמאליגע פעלקער, נאָר אויך ביי אייניגע אייראָפּייאישע ציוויליזירטע פעלקער.

דעם דינען צו פֿייער האָט מען געדינט אויך צו די בעלייכטונג וואָס קומט פֿון הימעל אונ פֿאַר דער לייכטענדער זונן האָט מען געבראַכט ברענענדע קרבנות (אִשֶּׁה לה׳ ויקרא ב׳ ב׳). דער מענש האָט אפילו זיך אַליין מקריב געווען אום די הויכע הייליגע וועזען זאָלען נעמען צו זיך די ברענענדע נשמה, ווייל די נשמה האָט זיך גערעכענט פֿאַר אַ חלק פֿון פֿייער.

צוליב דער אייגענער חֲקִירה האָט מען יעדע קריינק געהאַלטען פֿאַר אַ צייכען, אַז די נשמה איז געוואָרען אומריין אונ דער אויסהיילען זיך ווידער פֿון אַ קריינק איז געווען אַ סימן, אַז די נשמה איז צוריק ריין געוואָרען אונ ברענט ווייטער נאָרמאַל. אַ אָפּריינִיגונג פֿאַר דער קראַנקער נשמה האָט מען זיך געשטאַרעט צו קריגען ביי די מכשפים, די פֿייער מאַכער, וועלכע זיינען אַלזאָ געווען די ערשטע רופֿאים.

דער ווייטערדיגער פֿאַזיס אין דער ענטוויקלונג פֿון דער אור־אַלטער געשיכטע הייבט זיך אָן מיט דעם דינען צו די שטערן. אין יענער צייט האָט מען גערעכענט, אַז די שטערן אין הימעל, וואָס ברענען אונ לייכטען, צינדען עס אויך אָן מכשפים, אַזוי ווי אויף דער ערד מאַכען פייער מכשפים, נאָר די הימלישע פֿייער־מאַכער זיינען גרעסערע, ווי די ערדישע.

ווען די מענשען האָבען מיט דער צייט בעמערקט, אַז די רפואות פֿון די מכשפים העלפֿען ניט אונ זייערע צוזאָגען ווערען ניט מְקוּיָם, איז זייער הייליגקייט אַביסעל אַראָפּ געפֿאַלען אין דעם מענשענס אויגען. אָבער די שטערן לייכטען שטענדיג, זייער קראַפֿט ווערט ניט שוואַכער, מסתמא איז דאָרט דאָ העכערע וועזען ווי אויף דער ערד אונ מען האָט זיך דאַדורך אָנגעהויבען פֿאָרצושטעלען דאָרט גרויסע אויטאָריטען, וועלכע האָבען אַ אויסערמענשליכע קראַפֿט. געגען די הימלישע הערשער האָט דער מענש געפֿיהלט זיין שוואַכקייט, אנטקעגען די ברענענדע זונן, אַנטקעגען אַ גרויסען רעגען, דונערן אונ בליצען האָט זיך דאַן דער מענש קיין עֵצה ניט געקענט געבען אונ ער האָט דעריבער שטאַרק מורא געהאַט פֿיר זיי. אָט די הימלישע הערשער זיינען געווען — גאָטטער. אַלזאָ נאָר יעצט

איז ענטשטאַנען אַ פֿאָרשטעלונג וועגען גאָטט און די גאָטטצען־פֿריסטער זיינען אָפגעטהיילט געוואָרען פֿון גאָטטער. די פֿריהעריגע מכשפים, וועלכע מען האָט געהאַלטען, ווי אַ גאָטט, זיינען יעצט געוואָרען בלויז גאָטצענפריסטער, וועלכע האָבען זיך אַרויס געגעבען שוין ניט מעהר, ווי אַלס קנעכט פֿון די איבערנאַטירליכע גאָטטליכע הערשער און זיי זיינען געווען די פֿאָרשטעהער פֿון די הימלישע גאָטטער אויף דער ערד.

עס איז אונמעגליך היסטאָריש אויסצופֿאָרשען, ווי אַזוי עס האָבען זיך ביסליכווייז ענטוויקעלט די פֿערשידענע רעליגיעזע בעגריפֿען, ביז עס האָבען זיך בעשאַפֿען די איינגעאָרדנטע מיט אַ בעשטימטען סֵדֶר אַלטע רעליגיאָנען

אין דעם קינדערשען פעריאָד פֿון דער מענשהייט געפֿינען מיר אי פֿאָליטעאיזם (אַסך גאָטטער, אֶלילים) אי פֿעטישיזם אי דואליזם מיט זיין פֿאָרשטעלונג, אַז עס איז דאָ צוויי גאָטטער, איינער אַ גוטער און איינער אַ שלעכטער, נאָר בלויז ביי אידען געפֿינען מיר אַ פֿאָרשטעלונג פֿון איין גאָטט, און אין דעם הינזיכט איז די אידישע רעליגיאָן אַ אויסנאַהמע.

פֿון דעם מענשענס גייסטיגע פֿעהיגקייטען, וועלכע האָבען אַ אַנטהייל גענומען אין דעם בעשאַפֿען אַ פֿאָרשטעלונג וועגען אַ גאָטטליכע קראַפֿט און הערשונג, האָט דעם ערשטען אָרט פֿערנומען דער כֹּח הַדִּמְיוֹן, די איינבילדונגסקראַפֿט. די קראַפֿט האָט איבער געטראָגען דעם מענשענס לעבען מיט בעוואוסטזיין אויך אויף די אויסערע נאַטור און זי האָט אין איהר אַריין געלייגט חִיוּת. דער מענש האָט זיך פֿאָרגעשטעלט, אַז אַלץ וואָס עס איז דאָ אין דער נאַטור לעבט עס מיט בעוואוסטזיין פונקט ווי ער, דעריבער איז רעכט געווען צו פֿערהייליגען האָלץ, שטיינער, בוימער, שלאַנגען, חיות א. ז. וו., דאָס אַלעס האָט געקענט זיין פֿעטישען.

נאָר ביי די גאַנצע פֿורכט און שרעק, וואָס מען האָט גע־האַט פֿאַר די פֿעטישען און ביי די גאַנצע האָפֿנונגען, וואָס מען האָט אַרויף געלייגט אויף זייער גנעדיגקייט, פֿלעגט מען דיזעלבע פֿעטישען צוברעכען און צוטרעטען מיט די פֿיס, ווען דעם מענ־שענס געבעט צו זיי איז ניט אָנגענומען געוואָרען.

אַלזאָ פֿעטישיזם הייבט ניט אויף דעם מענשען העכער צו גאָטט, נאָר עס לאָזט אַראָפּ דאָס גאָטטליכע נידריג צום מענשען. אַ העכערע שטופֿע הייבט זיך אָן מיט דעם מאַכען ס י מ ב אָ ל ע ן (זיננבילדער). ווען פֿריהער האָט מען געדינט צום פֿעטיש צוליב זיין אייגענעם גאָטטליכען קראַפֿט, איז יעצט דער סימבאל ניט מעהר ווי אַ צייכען, ווי אַ בילד פֿון אַ אידעע, אָבער דער סימבאל אַליין האָט אין זיך קיין גאָטטליכעס ניט. דאָ האָט זיך שוין ענטוויקעלט ביים מענשען בעגריפֿען און אידעען, אַ גייסטליכע פֿאָרשטעלונג.

ביים בעטראַכטען די אַרומיגע נאַטור אין וועלכער עס געפֿינט זיך גוטס און שלעכטס, ערוועקט זיך שוין דער בעגריף פֿון גוטע און שלעכטע גייסטליכע קרעפֿטע, וואָס הערשען אין דער וועלט און עס קומט אַרויס דער ד ו אַ ל י ז ם.

אין פֿערבינדונג מיט דעם גלויבען אין איבערנאַטירליכע קרעפֿטע געפֿינט זיך דער בעגריף וועגען דעם מענשענס לעבען נאָכ'ן טוידט. דער גלויבען, אַז נאָכ'ן טוידט עקזיסטירט מען ווייטער, זאָל עס זיין אין דעם פֿאָרם פֿון גִלְגוּל נִשְׁמוֹת, ד. ה. אַז די נשמה פֿון געשטאָרבענעם געהט איבער אין אַ אַנדער לע-בעדיג וועזען, אָדער איינפֿאַך מען לעבט אין קֶבֶר, אָט דעם גלויבען, געפֿינט מען אין אַלע רעליגיאָנען און אפילו אויך ביי אידען, אָבוואָהל פֿיעל געלעהרטע האָבען גערעכענט, אַז ווייל אין חומש ווערט וועגען דעם מענשענס לעבען נאָכ'ן טוידט ניט דערמאָנט, איז אַ סימן, אַז אידען גלויבען ניט אין „יענער וועלט".

נאָך דעם גלויבען אין אַ איבערנאַטירליכע קראַפֿט, שרייבט דער ד"ר וואקסמוט, האָט זיך נאַטירליך ערוועקט אַ חֵשק צו וועלען ווייזען דעם שטאַרקען קראַפֿט אונטערטהעניגקייט. דאָס ערשטע איז געוועהנליך געוועזען תְּ פִ ל ה, ווייל זי איז נעהנטער צום ערוועקטען רעליגיאָזען געפֿיהל, ווי די רעליגיאָנע דאָגמאַטען. צו די גאָטטליכע תְּמוּנוֹת, צו די סימבאלען, ווי שטיינער, חיות א. ז. וו. האָט מען זיך פֿריהער געבוקט אונטערן אָפֿענעם הימעל, ווי עס איז אָבער ענטשטאַנען דער אַ נ ט ר אָ פּ אָ ר מ אָ פֿ י ז ם,

דער פֿאָרשטעלען גאָטט אין אַ מענשליכע פֿאָרמע אונ רעכענען, אַז ער האָט אין זיך מענשליכע שוואַכקייטען, האָט מען דאַן געפֿונען פֿאַר נייטהיג צו פֿערבעהאַלטען די גאָטטליכע בילדער אין אַ הויז אַזוי איז אַרוים געקומען טעמפּלען.

פֿון מורא אונ צופֿרידענהייט פֿון דעם איבערנאַטירליכען קראַפֿט, איז אַרוים געקומען קָרְבָּנוֹת. דער הויפּט צוועק פֿון די קרבנות איז געווען, צו צושטעלען גאָטט אַ רֵיח ניחוח, דאָס־זעלבע, וואָס דער מענש האָט פֿון עסען אונ טרינקען. פֿון אָנפֿאַנג האָט מען געבראַכט נור אייניגע מַתָּנוֹת, ווי פֿרוכט, בלומען אונ מילך; נאַכהער האָט מען שוין אָנגעהויבען צו ברייגנען בלוטיגע קָרְבָּנוֹת פֿון לעבעדיגע בְּרוּאִים ביז מענשליכע אַליין, וואו מען פֿלעגט אויסקלייבען פֿערשולדיגטע אונ אַמאָל גאָר פֿון אונשולדיגע אונ בעליבטע נְפָשׁוֹת, מען האָט זאָגאר אייגענע קינדער מַקְרִיב געווען, מען פֿלעגט אַמאָל נאָך עקסטרא אויסקלייבען פֿאַר אַ קָרְבָּן גאָר די טייערסטע בלוט, די בלוט פֿון אַ קייזערליכע טאָכ־טער א. ז. וו. מיט דעם אַרט קרבנות פֿערגלייכט זיך מַלְקוֹת, תַּעֲנִיתִים, זיך זעלבסט שלאָגען אונ קלאַפּען אין האַרצען אונ מאַכען זיך איינשניטען אין לייב.

אַ בעזונדער אַרט קולט האָט זיך בעשאַפֿען פֿון דעם גלויבען, אַז מען קען וויסען וואָס עס וועט אין צוקונפֿט פֿאָרקומען, ענטוועדער דורך אייניגע גאָטטליכע ענטדעקונגען, אָדער זאָגאר דורך געוועהנליכע צופֿעלע; דורך דעם קול אונ פֿליהען פֿון די פֿויגעל, דורך אַ בליטץ, דורך אויסערגעוועהנליכע נאַטור ער־שיינונגען, ווי אַ לִקּוּי חַמָּה אָדער אַ לקוי לְבָנָה, אַ רעגען בויגען, אַ רויטער ביַזים אויפֿ'ן הימעל; דורך חלומות, דורך גימַטְרִיָּאוֹת אונ נאָך אַזעלכע מיני צויבעריי. די העכסטע גראַד ענטדעקונג האָט זיך גערעכענט נְבִיאוּת זאָגען, דאַן ווען דער מענש געפֿינט זיך אין אַ גאָטטליכען ענטוזיאַזם.

אַזוי ווי מען דיספּוטירט וועגען דעם צי דער מענשליכער געשלעכט קומט אַ־וים פֿון איין וועלט־פּונקט, אַזוי דיספּוטירט מען אויך איבער דעם, צי וואַקסען אַלע רעליגיעס פֿון איין קוועלע. פֿיעל זיינען מיט'ן מיינונג צו זאָגען אויף דעם יאָ, דאַדורך, ווייל

פיעל רעליגיענע זאגען געפינען זיך אין אַלע רעליגיעס גלייך. די זאגע מיט'ן מבול, למשל, געפינען מיר צוגלייך ביי אַלע פעלקער, בעווייזט עס דעריבער, אַז אַלע רעליגיעס קומען ארויס פון איינע אַ ערשטע גאָר אַ אַלטע. נאָר דאָס איז ניט קיין ריכ־טיגער בעווייז, עס קען גרייליך זיין, אַז יעדע רעליגיע בעזונדער האָט אַליין געהאַט די זאגע.

אין דער אור־אַלטער צייט איז די „וועלט" אויסגעקומען ביי יעדעס פאָלק זעהר קליין, אונ אַ געוויססער האָט געקענט פאָרקומען אין יעדען בעזונדערן אָרט. אַלזאָ, ביי יעדעס פאָלק, וואָס איז פאָרגעקומען אַ געוויססער האָט זיך געקענט בעשאַפען אַ זאגע וועגען אַ מבול איבער דער גאַנצער וועלט, ווייל יעדעס פאָלק האָט גערעכענט איהר שטיקעל ערד פאַר דער גאַנצער ערד.

אַ צווייטע אורזאַכע צו דער זאגע פון מבול האָט געקענט דינען דער פאַקט, וואָס אין אַלע טהיילען פון דער וועלט גע־פינט מען גראָבענדיג אין דער ערד אַזעלכע פיש אָדער אַנדערע ים חיות, וואָס זייערע סקעלעטען זיינען פערשטיינערט. די פער־שטיינערטע חיות געפינט מען דאַדורך, ווייל די ערד איז אומ־געאַרבייט געוואָרען אָדער איבערגעטווישט איהר באָדען, נאָר ווען מען האָט נאָך פון די היינטיגע אויספאָרשונג ניט גע־וואוסט, האָט מען גערעכענט, אַז די ערד איז פערניכטעט גע־וואָרען דורך אַ געוויססער, אונ אַזוי איז בעשאַפען געוואָרען די זאגע פון מבול.

דער געלעהרטער פאַססאַגע ערקלערט אויף אַ אַנדער אַרט פון וואַנען די זאַגען פון מבול וואקסען. פון זיין ערקלערונג זעהען מיר, וואָס פאַר אַ מין שטאַרקער טריט פאַרן פראגרעס איז געווען רעליגיע.

די זאגע וועגען מבול — שרייבט ער — איז די ערשטע פראָבע פון מעטאַפיזיקע, דער ערשטער ענטפער אויף די פראַגע: פון וואַנען קומען אַרויס די אַלע זאַכען, וואָס געפינען זיך אויף דער וועלט?.

לאָמיר זיך איבערטראָגען צוריק מיט טויזענדער יאָהרען אונ

פאַרשטעלען זיך אַ מענשען אין וועלכען עס האָט זיך ערוועקט דער ערשטער פונק פון פילאסאָפישען דענקען. נאָך דעם מיינונג פון אַ געוויססען פילאסאף, צינדט זיך אָט דער ערשטער פונק אָן דורך וואונדערן זיך. דער ערשטער מענש, וואָס האָט גע־רעכענט, אַז עס איז נישט אַזוי פערשטענדליך, דאָס וואָס די זונן וועט מאָרגען אויפגעהן אויף דעם זעלבען אָרט וואָס היינט, פאַר וואָס נאָך אַ בליץ קומט אַ דונער אונ נאָך אַ הייסע צייט פון יאָהר קומט אַ קילע אונ אַ רעגענדיגע, דער ערשטער מענש, וועלכער האָט זיך פאָרגעלייגט די פראַגע: פאַר וואָס איז עס אַזוי? — איז געווען דער ערשטער פילאסאָף.

ער האָט זיך געוועהנליך ניט געגעבען אויף דעם קיין ריכטיגען ענטפער, דאָך האָט ער געמאַכט אַ גרויסען טריט פאָר־ווערטס. ביי איהם האָט זיך צום ערשטען אַ טרייסעל געטהון דאָס, וואָס שיידט אָפּ דעם מענשען פון אַ חיה. אין איהם האָט זיך ערוועקט אַ געברויך, אָט די אַלע בעזונדער אָבגעטהיילטע איינע פון די אַנדערע ערשיינונגען, צונויפבינדען דורך געוויססע אורזאַכען אונ טהאטען, וועלכע ברייגנען עס אַרויס. דאָס איז אייגענטליך געווען דער ערשטער פילאסאָף, ווייל ער האָט אָנ־געהויבען צו וואונדערן זיך; ער האָט זיך אָנגעהויבען צו פרעגען: פאַר וואָס איז די נאַכט קעלטער ווי דער טאָג? פאַר וואָס וואַקסט עפּעס אַ געוויססע פרוכט גראַדע נור אויף דעם אונ דעם אָרט? פאַר וואָס אַז מען וואַרפט אַריין אַ שטיק האָלץ אין וואַססער שווימט עס אונ אַ שטיין פאַלט צום גרונד? נאַכהער איז זיין וואונדערן זיך געגאַנגען נאָך ווייטער. זעהענדיג אַז די קייט פון צונויפבינדען די אורזאַכען איז אָהן אַ ענדע אונ די פעהיגקייט זיינע פאַרצושטעלען זיך קען אַרום נעמען נור אַ געענ־דיגטע זאַך, האָט ער אָנגעהויבען צו זוכען אַ געענדיגטען פונקט אונ ער האָט געפונען, אַז סוף כל סוף איז די פראַגע: פון וואַנען נעמט זיך אַלץ וואָס געפינט זיך אויף דער וועלט?, פיהרט צו אַ צווייטע פראַגע: פון וואַנען נעמט זיך די ערד אויף וועלכער ער לעבט אונ וועלכע שפייזט איהם?.

ער האָט געזעהען דעם ים, אַ אונבעשרייענדע שטרעקע

וואַססער, עפּעס אַזאַך אָהן אַ סוף. וואַססער האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט איז דער קאנטראסט פון זיין שפּייזערי'ן די ערד; זי האָט איהם אויסגעזעהן ווי אַ שונא, עס האָט אויף איהר ניט געוואָקסען קיין זאַנגען און ער האָט ניט געקענט אויף איהר טרעטען מיט די פיס, ווי אויף דער טרוקענער ערד. דאָס וואַססער, האָט זיך איהם געדוכט, איז אַ שטאַרקער שונא מיט דער ערד. ווען די וועללען האָבען געקלאַפּט אָן ברעג האָט ער אין דעם געזעהן אַ שטענדיגע מלחמה צווישען די צוויי עלעמענטען וואַססער און ערד.

מיט אַזעלכע אויגען קען זיין האָט געקוקט דער אור־אַלטער מענש אויפ'ן ים הַכַּספּי, ווען עס האָט זיך ביי איהם צום ערשטען מאָל ערוועקט די פראַגע: פון וואַנען האָט זיך גענוממען די ערד מיט אַללעס וואָס לעבט אויף איהר?. פון וואַנען האָט זיך אויף איהר גענוממען לעבען? און וועלכעס איז דאָס ערשטע שטאָף פון וואַנען דאָס אַלעס איז געמאַכט געוואָרען. דאָס וואַססער מיט איהר מלחמה מיט דער ערד, זעהט אויס, האָט איהם געגעבען אויף דעם אַ ענטפער.

אַז ער האָט נאָר אָנגעהויבען צו רירען מיט'ן מאַרך פון קאָפּף, האָט ער שוין געקלערט וועגען זיין אייגענעם שטאַנד אויך. ער האָט בעמערקט, דאָס ער איז שוואַך בייצושטעהן געגען די שלעכטע אומשטענדען. ער האָט געטראַכט וועגען קראַנק און טויט און געזעהן, אַז עס ברויך אויף דער וועלט בעססער צו זיין ווי עס איז יעצט און איהם האָט זיך אָנגעהויבען צו דוכטען, דאָס עס איז טאַקע אַמאָל אויף דער וועלט בעסער געוועזען, עס האָט געמוזט זיין אַ צייט, ווען עס איז נישט געוועזען, נישט קיין קראַנק און נישט קיין טויט, ווען די ווילדע טהיערען האָבען זיך ניט אַריין געכאַפּט אין זיין וואהנונג, ווען די שונאים האָבען ניט געכאַפּט זיין פרוי און קינדער און אַוועק געפיהרט פאַר שקלאַפען. מיט איין וואָרט, ווען אויף דער וועלט איז געוועזען אַ גַן עֵדֶן, אַ גילדערנע וועלט. אָט די גליקליכע צייט איז פערניכטעט געוואָרען מיט

דעם עלעמענט, וועלכער איז נאָך היינט אויך אַ שונא דער וועלט מיט איהרע איינוואהנער — דאָס איז דער יַם, וואַססער, וועלכעס האָט אַלץ איינעשלונגען, נאָר פֿון וועלכעס די ערד איז צוריק אַרויס אונ בעזעצט זיך מיט אַ פּאָר, אַ זָכָר אונ אַ נְקֵבָה, וועלכע זיינען ניצול געוואָרען פֿון וואַססער אונ פֿון דער פּאָר האָט זיך אָנגעהויבען אַ נייער דור מיט נייע צָרות".

אַלזאָ, די זאגע פֿון מבול איז ניט געגרינדעט אויף אַ געאָלאָגישען ענטוויקלונגסגאנג, עס איז נישט מעהר ווי אַ פּראָבע צו ענטפֿערן אויף דער פֿראַגע, פֿון וואַנען האָט זיך גענומען אַלעס וואָס געפֿינט זיך אויף דער וועלט? וועלכע פֿיהרט צו דער פֿראַגע, פֿון וואַנען האָט זיך די ערד גענומען? אַ געלעהרטע פֿאָרמע האָט די פֿילאסאפֿישע פּראָבע בעקומען ביי דעם ערשטען פֿון די יאָנישע פֿיזיקער, פֿ א ל ע ס, וועלכער האָט געזעהן אין „פֿייכטקייט" די קוועלע פֿון אַלע זאַכען...

---

IX.

# די שפּראַכע.

אַז דער מענש האָט אַמאָל ניט געקענט רעדען אַ שפּראַך מיט ווערטער, איז שוין היינט דאָס בעוויזען געוואָרען פֿאַר אַ בעשטימטען פֿאקט, מען ברויך נאָר דאַצו צוגעבען, אַז אָהן אַ שפּראַך איז ער נאָך קיין מענש ניט געוועזען אונ דער ערשטער טריט צום „אָפּמענשען" זיך, איז בעשטאַנען אין רעדען אַ שפּראַך פֿון ווערטער. מיט אַ געוויססע פֿעהיגקייט פֿון רעדען בעזיטצען אויך טהיערען, וועלכע זיינען אימשטאַנד אַרויס צו זאָגען דורך פֿערשידענע קוֹלות זייער חוּש אונ דעם פֿיהלען פֿון צופֿרידענהייט אָדער אונצופֿרידענהייט, פֿון הונגער, דורסט אָדער וועהטאָג, אָבער אַרויס צו זאָגען דורך ווערטער דאָס, וואָס מען האָט אין זינען אונ אָנצורופֿען מיט ווערטער געוויססע געגענשטענדע,

איז שוין אַ אויסשליסליכע פֿעהיגקייג פֿון דעם מענשען, אונ אונטער אַ „שפּראַך" מיינט מען נאָר, אָט די פֿעהיגקייט פֿון רעדען מיט ווערטער.

ליפּפּערט ווייזט אויף, אַז די ערשטע שטופּע פֿון אַרויס צו זאָגען די עמפּפינדונג, איז בעשטאַנען, אין איינפֿאַכע קולות, ווען, למשל, דער מענש האָט פֿערבלאנדזעט אין וואַלד, דאַן האָט ער אָנגעהויבען צו שרייען אונ אַרויס געלאָזט אַ קול, ווען ווידער ער האָט געפֿונען אין וואַלד שפּייז האָט ער אויך פֿון צופֿרידענ-הייט אַרויסגעלאָזט אַ קול, אָבער פֿון איין געשריי ביז'ן צווייטען איז געווען אַ גרויסער אונטערשיד, אונ מיט דער צייט האָט מען שוין געוואוסט די בעדייטונג פֿון יעדען אויסגעשריי. ווען אין אַזא וואַלד זאָל זיך געפֿינען ניט מעהר ווי איין סאָרט שפּייז, דאַן וואָלט דער אויסגעשריי, וואָס דער מענש גיט ביים געפֿינען די שפּייז אַזוי אַריין געליינגט זיך אין זכרון פֿון די גרופּע מענשען, וואָס שפּייזען זיך מיט דעם איינעם שפּייז, אַז דער אויסגעשריי וואָלט געקענט ווערען דער נאָמען פֿון דעם שפּייז. די מענשען אָבער, וועלכע געפֿינען זיך אין אַזעלכע ערטער, וואו עס איז דאָ פֿערשידענע סאָרטען שפּייז, וואָלטען ניט פֿערשטאַנען די בע-דייטונג פֿון דעם אויסגעשריי, דען זיי לאָזען דאָך ניט אַרויס אַזא צופֿרידענעם געשריי ביים געפֿינען פֿון דיזעלבע שפּייז אונ זיי וואָלטען דעריבער ניט פֿערשטאַנען זייער „שפּראַך". פֿון דעם זעהען מיר ווידער, אַז די מעשה מיט'ן דור הַפְּלָגָה, ווען אַלע מענשען האָבען גערעדט איין שפּראַך האָט געמוזט געשעהן אין די גאָר גאָר אלטע צייט . . .

דער פּראָפֿ. קאַספּאַרי ערקלערט אונז די אורזאַכע פֿון דעם, פֿאַר וואָס האָט נאָר דעם מענשען אַליין געלונגען צו גרינדען אַ שפּראַך. אין דער מִלְחָמָה מיט די רויב טהיערען — זאָגט ער — איז דער הילפֿסלאזער אור-אַלטער מענש ניט בעזעסען אַ זעלכע שאַרפֿע אונ שטאַרקע ציינער ווי ביי די טהיערע. ער האָט זיך געוועהנליך ניט געמיאוסט צו ניצען אַלס געווער זיינע ציינער, וועלכע זיינען דאַן שטאַרקער געווען ווי היינט, נאָר ויף צו שטרייטען מיט די רויב טהיערען איז, וועניג געווען די

שטאַרקע צייגער אַליין און דער מענש האָט געמוזט בענוצען צו דעם אויך די הענט. אויסער דעם, איז דעם מענשען אויסגעקומען צו דערלאַנגען אָדער אויסצורייסען מיט די הענט שפייז פון אַזעלכע ערטער, וואו מען קען ניט דערלאַנגען מיט'ן מויל. דאָס האָט איהם שטענדיג געצוואונגען צו שטעהן אויף צוויי פיס. אַזוי ווי קינדער פרוזען אויף אַלע פיער איידער זיי לערנען זיך אויס צו געהן מיט די פיס, אַזוי איז אויך ביי דעם אור־אַלטען מענשען דאָס געהן אויף די פיס ניט געווען קיין גע־באָרענע פעהיגקייט, נאָר די שטענדיגע מלחמה פאַרן לעבען, וועלכע איהם איז אויסגעקומען צופיהרען, האָט געמאַכט פון דער געוואָהנהייט, צו געהן אָפט נאָר אויף די הינטערשטע צוויי לאַפעס, אַ צווייטע נאַטור. אָט די געוואָהנהייט צו געהן בלויז אויף צוויי פיס צוזאַמען מיט די געשיקטקייט פון די הענט, האָבען זעהר פיעל מיטגעהאָלפען אין די ענטוויקלונג פון דער מענשליכער שפּראַכע.

די פעהיגקייט אַרויס צו לאָזען אַ קול פאָדערט אַ גאַנצע ריהע פיזיאלאגישע בעדינגונגען צו וועלכע אַם ערשטען געהערט דער געבוי פון האַלז. עס איז זעהר וואונדערליך, וואָס אָבוואהל די הויזטהיערע לערנען זיך גיך אויס צו פערשטעהן, וואָס מען זאָגט זיי און צו פאָלגען דעם מענשען, און פון דעם זעהט מען ווי וויים זיי פערשטעהען אַ מענשליכע שפּראַך, דאָך בעווייזען זיי קיינמאָל ניט קיין פעהיגקייט נאָכצומאַכען די שפּראַך און אַרויס צו רעדען חאָטש איין וואָרט פון דער מענשליכער שפּראַכע. דער געלעהרטער גוסטאַוו יעגער האָט דער ערשטער ערקלערט די וויכטיגע בעדייטונג פון געהן גלייך אויף צוויי פיס, פיר די פעהיגקייט פון רעדען ווערטער.

בעטראַכטענדיג אַם ערשטען די ווירקונג פון לונגען אויפ'ן רעדען, האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די לונגען מיט איהר פעהיג־קייט אַרויס צו אטהמען, איז דער הויפט גרונד פון אַרויס רופען פערשידענע שטימען און שענע קולות ביים זינגען און רעדען. דאַצו איז נייטהיג, ערשטענס, אַז די לונגען זאָלען אַרויס לאָזען די אויסגעאטהעמטע מאָס לופט ניט מיט אַ מאָל, נאָר אין

טהילען, צווייטענס, אַז די לונגען זאָלען זיין אימשטאַנד צו געבען אַ שוואַכען קלאַפּ אויף יעדע אָפּקלינגענדע זילבע. די אָבער וואָס געהען אויף אַלע פיער, איז די פאָדערשטע פיס מיט דעם שווע־רען קערפּער, וואָס ליגט אויף די לאַפּעס, שטערען די בעוועגונ־גען פון דער ברוסט, וועלכע מען ברויך צו האָבען ביין רעדען.

דאדורך האָבען ניט די פיערפיסיגע חיות קיין שפּראַך, נאָר דער מענש אַליין האָט בעפריים די פאָדערשטע לאַפּעס פון געהן, דעריבער איז נור איהם אליין געלונגען אויסצואַרבייטען אַ שפּראַך פון ווערטער. נאָר אָט אויף אַזא אופן איז פון קולות אָהן אַ שום סדר אָדער אויסגעשרייען פון פרייד, וועהטאָג, בעקימערונג, תאוה, וועלכע זיינען בעקאַנט אויך טהיערען, אַרויסגעקומען אַ שפּראַך מיט ווערטער. אַלזאָ אַ שפּראַך איז אַ ערפינדונג, וועלכע האָט זיך ביסליכווייז, לאַנגזאַם, לאַנגזאַם ענטוויקעלט אין דער מלחמה פאַרן לעבען, וואָס האָט געפיהרט דער מענשליכער קערפּער און די מענשליכע וויססענשאַפט.

די פעלקער, וועלכע שטעהען אויף די נידריגסטע שטופע פון קולטור בעזיצען זיי די אונפאָלקאָמענסטע שפּראַכען. די ווילדע אין טעראַאי, אין אָראַן־גוגורע א. ז. וו. בעזיצען אַ שפּראַך, וועלכע איז עהנליך צו זייער אַפּען שטאַנד און זיי קענען זיך אויסשפּרעכען ניט בעסער ווי איינציגע מינים אַפּען.

פריהער האָבען מיר קורץ אנגעמערקט, אַז איניגע נאָמען פון זאַכען זיינען אַרויס געקומען, דורך דעם שטענדיגען געברויכען ביי דער זאַך איין אויסגעשריי. די אַלע זאַכען אָבער, וועלכע מיר רופען אָן מיט פערשיעדענע נאָמען האָבען זיי דאָך ניט געקענט אַרויס רופען שטענדיג אַ גלייכע פרייד אָדער אַ גלייכע קריינקונג און מען האָט ביי זיי געברויכט פערשידענע אויסגעשרייען. מיר וועלען דעריבער יעצט ערקלערען, ווי אַזוי עס האָבען בעקומען זייערע נאָמען אָט די אַלע זאַכען, וועלכע האָבען ניט ערוועקט קיין גלייכע פרייד אָדער קימער ביי אַלע מענשען.

דער אור־אַלטער מענש האָט געוועהנליך זעהר וועניג גע־האַט וועגען וואָס צו רעדען, ער האָט זיך ניט געניטהיגט אין אַזוי פיעל ווערטער ווי מיר, און פיעל זאַכען האָט ער זיך

געקענט בעגעהן, אַז ער זאָל ניט וויססען ווי זיי אָנצורופֿען. דאָס וואָס מען האָט יאָ געברויכט צובעצייכענען, איז בעשטאַנען אַם מעהרסטען אין אַזעלכע זאַכען, וועלכע האָבען ערוועקט עפּיס אַ בעריהרונג און מען האָט ביי דעם אַרוים געלאָזט אַ קול, נאָר ניט שטענדיג קיין גלייכען, האָבען נאַכהער די גרופּע מענשען, וואָס האָבען צוזאַמען געלעבט אויף איין אָרט, צווישען זיך אָפּגעמאַכט, אַז פֿון די פֿערשידענע קולות, וואָס מען לאָזט אַרוים ביי דער זאַך, זאָל נאָר איינער זיין דער נאָמען פֿון דעם געגענשטאַנד און אַלע זאָלען שעהן מיט דעם קול איהם אָנרופֿען. אַלזאָ, שפּראַך איז ארויסגעקומען דורך איינשטימונג און איינוויליגונג, וואָס אַ געוויססע צאָהל מענשען זיינען צווישען זיך מְרוצה געוואָרען אָנ־ורופֿען דעם פּרעדמעט מיט דעם אָדער מיט יענעם אויסגעשריי.

אַז שפּראַך האָט זיך ענטוויקעלט דורך אויסקלייבענדיג די פֿריהעריגע קולות און צוזאַמען איינוויליגדיג האָט מען אָפּגעשטימט, דאָס יענער אויסגעשריי זאָל זיין דער נאָמען פֿון דער זאַך, זעהען מיר פֿון דעם פֿאקט. אין אַלע שפּראַכען געפֿינען זיך די נאָמען פֿון מאַ־מאַ, פּאַ־פּאַ, באַ־באַ, טאַ־טאַ, נאַ־נאַ, נאָר ניט אין אַלע שפּראכען בעדייטען זיי גלייך, למשל, פּא־פּא, הייסט אין איניגע שפּראַכען די עלטערע שוועסטער. דאָס קינד וועלכעס הייבט אָן צו עפֿענען די ליפּען גיט ניט ווילענדיג אַרויס אָט די אַלע אויבען דערמאנטע קולות, וועלכע זיינען איהם אַם גרינגסטען צו שרייען און ער מיינט ניט דערביי אָנצורופֿען וועמען מיט די נאָמען, נאָר די אַרומיגע פֿון קינד, וועלכע פֿלעגען הערען די קולות האָבען זיי פֿון דעם געמאַכט נאָמען פֿאַר די נאָהנטע פֿון קינד. און דאָ איז אויך געווען אַ איינוויליגונג צווישען זיך צו מאַכען די קולות פֿאַר בעדייטענדע ווערטער, דעריבער זיינען די בעדייטונגען ניט אין אַלע שפּראַכען גלייך, וויל ביי יעדען פֿאָלק האָט מען געוועהנליך אַנדערש אָפּגעשטימט אויף וועמען פֿון דעם קינדס נאָהנטע זאָל געהן דער אָדער יענער אויסגעשריי.

ביים רעדען האָט מען זיך שטאַרק בענוצט מיט׳ן „מאַכען מיט די הענט" און מיט׳ן טאָן. נאָך היינט אורטהיילען מיר דעם

גייסטליכען שטאַנד פֿון אַ מענשען, נאָך דעם געניט זיין צו־
בענוצען זיך ביין רעדען מיט די הענט, אום מען זאָל פֿערשטעהן,
וואָס ער וויל זאָגען. אפילו ביין העכסט ענטוויקעלטען מענשען
איז נאָך געבליבען אַ רעשט פֿון דער געוואהנהייט, וועלכע מיר
האָבען אפגעירשענט פֿון די אַלטע צייטען. ווען דער אור־אַלטער
מענש האָט געוואָלט עפּעס אָנזאָגען דעם צווייטען, פֿלעגט ער
פֿריהער געבען אַ געשריי, אום מען זאָל זיין צו איהם אויפֿמערקזאם,
נאַכהער האָט ער אָנגעזאָגט דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט דער־
צעהלען, דורך שאָקלען דעם קערפּער, וואַרפֿען מיט די הענט און
מיט אַ ביסעל ווערטער, און דער צווייטער, וועמען ער האָט ער־
צעהלט, האָט שוין פֿון זיינע קערפּערס בעוועגונגען געוואוסט,
וואָס ער זאָגט איהם אָן. נאָר ביסליכווייז, ווי ווייט פֿיעל זאַכען
און בעגריפֿען האָבען געקריגען בעזונדערע נאָמען, פֿריהער פֿון
איינפֿאַכע אויסגעשרייען ביי דער זאַך, ווי פֿרייד, אומעט, שרעק
א. ז. וו., נאַכהער דורך אַ צוזאַמען איינוויליגונג אָנצורופֿען די
זאַך מיט דעם אָדער מיט יענעם אויסגעשריי, איז וואָס מעהר די
נאָמען האָבען זיך פֿערמעהרט, האָט מען אַלץ מעהר אָנגעהויבען
אַרויס צו זאָגען, דאָס וואָס מען האָט אין זינען, דורך ווערטער
ד. ה. מיט בעשטימטע בעדייטענדע קולות, און די קערפּערס
בעוועגונגען האָבען זיך אומגעטויטש אין איינפֿאַכע ערקלערענדע
צייכענס.

די ווייטערדיגע ענטוויקלונג פֿון שפּראַך דורך די צוזאַמענ־
בינדונג פֿון קליינע בעזונדערע שבטים אין אַ פֿאָלק, פֿערגלייכט
ליפּפּערט מיט אַ וואלד. „ביי אַ אידעאַלנע צוטהיילונג פֿון די
בוימער — זאָגט ער — ברויך יעדע בעזונדער צו מאַכען אַ שאַטטען
אויף איהר שטיקעל ערד און איין צווייג ברויך דערלאַנגען צו־
דער צווייטער. דאָס איז אָבער נאָר דאַן מעגליך, ווען דער
וואלד ווערט אָפּט געריינינגט. אין אור־אַלטען וואַלד, איז דער
ערדבאָדען בעדעקט מיט אַ געדיכטען נידעריגען קוסטאַרניק, נאַכ־
הער קומט דער וואַלד בעאַמטער און בריינגט דעם וואַלד אין
אָרדנונג, פֿון די פֿיעל ווילדע געוואקסע אַרום די בוימער בע־
צייכענט ער נור די בוימליך, וועלכע גיבען אַ האָפֿנונג צו ווערען

גוטע אונ גלייכע בוימער אונ די איבעריגע האקט ער אויס.
די שפראַכע איז פון אָנפאַנג אויך געוועזן ניט קיין גע־רייניגטער וואלד, אונ יעדער מענש אונ פאַמיליע האָט זיך אויס־געקליבען ווערטער, וועלכע עס איז זיי געפעלען. נאַכהער ער־וועקט זיך ביי פערשידענע גרופעס מענשען א פערלאַנג, צו פער־שטעהן איינער דעם צווייטען. דאָס איז געוועזן דער וואלד בעאַמטער, אונ אָט דער פערלאַנג פון צו פערשטעהן זיך, האָט מיט דער צייט, אין אַ מֶשֶך פון פיעל הונדערטער יאָהרען, ווי ווייט די קליינע שבטים האָבען זיך צוזאַמענגעבונדען אין פעל־קער, דורך שלום, אָדער דורך מלחמה אונ געניט געוועזן צו פערשטעהן זיך, האָט עס געבראַכט דאַצו, דאָס מען האָט אויסגע־קליבען די געזונדטע וואָרצלען פון דער אויסגעמישטער שפראַך אונ די איבעריגע אַרויס געוואָרפען, אַזוי איז געוואָרען אין גרויסע שפראַך פאַר אַ גאַנצע פאָלק.

---

# X.

## שריפט (כתב).

נאָך אין די עלטעסטע צייטען האָבען שוין מענשען גע־פראָבירט צו געפינען נאָך אַ מיטעל, אויסער'ן רעדען, אויף איבערצוגעבען דעם צווייטען די געדאַנקען. דען מיט די מונדליכע שפראַך קען מען זיך נאָר דאַן בענוצען, ווען דער צווייטער גע־פינט זיך אין אונזער געגענוואַרט. ווי עס זעהט אויס, איז עס ניט קיין בלויזער צופאַל דאָס, וואָס די אַלטע עגיפּטישע שריפ־טען, פון וועלכע עס שטאַמען פיעל היינטיגע שריפטען, געפינט מען אַם מייסטען אויף דעם אָרט, וואו עס איז געוועזען דער גאָטטעס־דינסט. דען די ערשטע עלטסטע דענקמאלען, מַצֵבות, האָבען געדינט צו רעליגיעזע צוועקען. די בָּמָה אָדער שטיינער־נער פּיראַמיד אויפ'ן קֶבֶר! האָט צום ערשטען געדינט פאַר

אַ וואָהנונג פיר דעם טוידטען; נאָר פאַר דעם פוס געהער, וועל־
כער זוכט אין סטעפּ אַ פרעדמעט, וועלכער זאָל איהם העלפען
בעקאָנט ווערען מיט דעם אָרט, זיינען די מצבות געוועזען פער־
שטענדליכע צייכענס, אָבער גלייך ווי דער אויסגעשריי פון דעם
אור־אַלטען מענשען, וועלכער האָט נאָך ניט געהאַט קיין
שפראַך, זיינען אויך די מצבות ניט מעהר ווי אַ צייכען, וועלכער
מאַכט בלויז אויפמערקזאם, אָבער עס ענטהאלט אין זיך ניט קיין
בעדייטונג, נאָר מיט דער צייט האָבען די צייכענס, פונקט ווי די
קולות פון אור־אַלטען מענשען, געקריגען, דורך איינוויליגונג,
אַ געוויססע בעדייטונג. אָט דאַן ווען דער פוס־געהער האָט
געוואוסט, אַז דער בערגל מיט דעם צייכען געפינט זיך אויף
דעמס אָדער יענעמס קבר, האָט איהם שוין דער איינפאַכער
צייכען געקענט דינען אַלס אַ ריכטיגער וועגווייזער.

אין מערב אַפריקא, ווען דער גאָטצענפריסטער שטעקט אַריין
אַ שטעקען נעבען אַ פרוכט בוים, ווייס יעדער, אַז עס בעדייט
דאָס די פרוכט איז הייליג און קיינער טאָר עס ניט עסען, און
עס איז גלייך ווי מען וואָלט די ווערטער אויפגעשריבען.

אַ שטרייענער בעזים אויף אַ בוים בעדייט, דאָס אויף דעם בוים
איז דאָ אַ אייגענטהימער און זי איז ניט קיין הֶפקֵר; אַ איינשניט
וואָס מען האָט געמאַכט אין אַ בוים, האָט ער גערעדט צו אונזערע
עלטערן, אַז דער בינשטאָק, וואָס געפינט זיך אין בוים, געהערט
שוין צו איינעם; אַזוי ווי אַזעלכע סאָרטען צייכענס האָט מען
זעהר פיעל געמאַכט, האָט זיך יעדער געווים געסטראַעט צו גע־
פינען אַ מיטעל, ווי צו מאַכען זיין צייכען אַביסעל אַנדערש ווי
אַנדערע און אַזוי איז אַרוים געקומען אַ גאַנצע שפראַך פון פער־
שידענע צייכענס, און אָט די שטעקענס, שטיינער, איינשניטען,
שטרייענע בעזימס א. ז. וו. זיינען געוועזען זייער שריפט.

די צייכענס האָבען אָנגעוויזען און דערמאָנט דער אור־
אַלטען מענשען בלויז אָן דעם, וואָס איהם איז שוין אַמאָל בע־
וואוסט געווען. אויף דער שטופע טהוט דער שריפט פון צייכענס
ניט מעהר אויף, ווי ער דערמאָנט אָן דעם, וואָס מען האָט
פריהער געוואוסט. נאָר מיט דער צייט האָבען שוין די צייכענס

אָנגעהויבען, אַזוי גוט ווי אַליין צו רעדען אונ דערצעהלען אויף פון דעם, וואָס מען האָט נאָך ניט געוואוסט. דען דורך די איינ־געווילינטע אָבשטימונג האָבען זיי אָנגעהויבען צו בעדייטען גע־וויססע זאַכען, אונ דורך די צונויפבינדונג פון די בעדייטונגען האָט שוין דער אור־אַלטער מענש געקענט פערשטעהן אַזא געשיכטע פון וועלכע ער האָט נאָך ניט געוואוסט. ווען, למשל, עס איז דאָ צוויי בעזונדערע צייכענס אויף שפייז אונ אויף אַ מענש, איז ווען די בײדע צייכענס זיינען געשטאַנען צוזאַמען, האָט דער אור־אַלטער מענש געוואוסט, אַז דאָ אויף דעם אָרט האָט אַ מענש געפונען שפייז. סיי ווי, נאָר דאַן ערשט איז מעגליך געווען צו ערפינדען אַ ריכטיגען שריפט, ווען מען איז שוין אַריבער אָט די צווייטע שטופע.

דער אָנפאַנג פון שריפט האָט זיך אָנגעהויבען מיט די אויבען דערמאָנטע צייכענס, די העכסטע שטופע אָבער האָט זי דערגרייכט אין אונזערע בוכשטאַבען. עס איז צו בעוואונדערן ווי וויים שטאַרק דער זכרון איז פון דעם מענשען, וועלכער בענוצט זיך מיט אַ זעלכע איינפאַכע מיטלען. אַלע דאָקומענטען, אַלע שלום פאַפּירען אַ. ז. וו. פון די נאָרד אַמעריקאַנישע אינדיאַנער, זיינען ניט מעהר ווי איינפאַכע שניר, אויף וועלכע עס איז אַרויף געגישזעט מושעלשאָלען. אונ די וועלכע זיינען געוועזען ביין אויפ־בינדען די שניר אונ געוואוכט דאַן זייער בעדייטונג, לעזען זיי פון די שניר אַרוים פונקט, ווי מיר לעזען פון אַ געשריבענעם פאַפּיר. די פערשידענע אויפגענישזעטע שניר איז אַזא אַרט, ווי מיר מאַכען פערשידענע קניפּלאַך אין נאָז טיכעל אום צו דער־מאָנען זיך אָן עפּעס.

ווען מיר וועלען בעטראַכטען אונזער לערנען זיך לעזען, וועט אונז לייכט זיין צו פערשטעהן, ווי אַזוי דער ווילדער לעזט פון די געגישזעטע שניר. פאַר וואָס זאָגט דער אינגעל „א" ווען מען ווייזט איהם דעם אות?, ווייל ווען דער לעהרער האָט איהם דעם ערשטען מאָל געוויזען דעם אות, האָט ער אַרויסגערעדט „א". דאָסזעלבע דער אינדיאַנער, ווען ער זעהט דעם שנור דערמאָנט ער זיך אָן די רייד, וואָס איז פאָרגעקומען ביין

אויפנישזען די שניר אונ צו וועלכער בעדייטונג איז יעדער שנור אנדערש אויפגענישזעט געוואָרען.

דער שנור שטעלט פֿאָר אַ גאַנצע רעדע, וועלכע מען האָט שוין איינמאָל געהערט אונ ווען מען זאָל די מושעלשאָלען איבערבינדען אין אַ אַנדער אָרדנונג, פֿערלירט דער שנור ביין אינדיאַנער דאָס גאַנצע ווערטה. יעדע נייע רעדע ברויך צו האָבען אַ פֿרישען שנור, דער אינגעל אָבער לערנט אוים איינמאָל אויף שטענדיג דעם אות „א" ערקענט ער איהם שוין נאַכהער טויזענדער מאָל אונ ער קען לעזען אויך אַזא רעדע פֿון וועלכער ער האָט נאָך ניט געהערט.

אַלזאָ, די פֿערפֿאָלקאמונג פֿון שריפֿט איז אין גאַנצען אַבהענגיג דערפֿון, אין וואָס פֿאַר אַ שטופֿע עס גיט זיך איין, דעם פֿאָרשטעלען דורך אַ צייכען איין גאַנצע רעדע איבערצוטווישען אויף פֿיעל צייכענס, וועלכע שטעלען פֿאָר בעזונדערע ווערטער, בעזונדערע זילבעס (הַבָרות), אונ די לעצטע שטופֿע פֿון שריפֿט בעשטעהט אין צייכענס, וועלכע שטעלען פֿאָר בעזונדערע בוכ־שטאַבען. מען איז פֿריהער איבערגעגאַנגען פֿיעל פֿערשידענע שטופֿען פֿון שריפֿט, איידער מען איז דערגאַנגען צו מאַכען אַ „אַלֶף בית" פֿון אותיות. איינער פֿון די פֿערשידענע סאָרטען שריפֿטען איז געוועזען מאַלעווען.

ווען, למשל. מען האָט געוואָלט דערצעהלען פֿון אַ פֿערד, פֿון אַ שטיין, פֿון דער זונן א. ז. וו. פֿלעגט מען אויסמאָלען אַ פֿערד, אַ שטיין, די זונן א. ז. וו. אונ ווען מען האָט געוואָלט אויפֿשרייבען, אַז אַ פֿעלדהערר מיט 51 אינדיאַנער זיינען אַריבער איבער אַ טייך אויף 5 שיפֿלאַך, האָט מען אויסגעמאָלט אַ פֿעלד־הערר מיט 5 שיפֿלאַך אונ 51 גלייכע שטריכען, אַזא שריפֿט איז ניט אַזוי לייכט צו פֿערשטעהן. אַ גרויסען טריט פֿאָרווערטס האָבען געמאַכט די חינעזער, וועלכע האָבען געהאַט אויף יעדען וואָרט פֿון דער שפּראַך אַ בעזונדער צייכען. מיט די צייכענס האָט מען שוין געקענט אויסשרייבען אַ גאַנצע געשיכטע, אונ עס זאָל לייכט זיין צו פֿערשטעהן, נאָר צו אַזא שריפֿט ברויכען זיי צו האָבען פֿיעל טויזענדער צייכענס, לויט דעם צאָהל ווערטער

פון דער שפראך. די ערשטע וועלכע האבען אויפגעשטעלט א אלפאוויט פון 23 בוכשטאבען זיינען געווען די פּ י נ י ק ע ר. ווען די אידען אונ די גריכען האבען איבערגענומען דעם אלפאוויט, האבען זיי עס אביסעל איבערגעטוישט אונ פערפאלקאמט.

---

# XI.

## גערִיכט.

אבוואהל מיר קענען היינט ניט אנרופען איין פאלק, וועלכע זאל ניט האבען עפּיס א בעגריף פון רעכט, דאך איז קיין צווייפעל ניט, אז עס איז געוועזען אזא צייט, ווען מען האט ניט געהאט קיין שום בעגריף וועגען רעכטע. אין דער נאטור איז קיין רעכטע ניטא, דאס האט געמוזט דער מענש ערפינדען. אין דער נאטור, זאגט דער נאטורפארשער ג ע ל וו א ל ד, איז דא נור איין רעכט, וועלכע מען קען ניט אנרופען רעכט — דאס איז די רעכט פון שטארקערען. דאס רעכט פון כח האט אין דער מענשליכער געשיכטע אין אלע צייטען געהאט זיין ווירקונג. דאס איז א רעזולטאט פון דעם קאמפף פארן לעבען, וואס דעם מענשען איז שטענדיג אויסגעקומען צו פיהרען ביז אין אונזער צייט אויך, די גאנץ שארפסטע פארמע פון דעם קאמפף איז, א מ ל ח מ ה. דא צינדעט זיך אן דער קאמפף פארן לעבען מיט א העלישען פייער, דא ווערט געטראטען מיט די פיס דאס רעכט פון פריוואט־אייגענטהום.

אז די אידעע פון פריוואט־אייגענטהום פערשפרייט זיך אויף א געוויססע צאהל פראדוקטען, פערמעהרט זיך דאדורך די צאהל מחלוקת, צווישען קליינע גרופּעס מענשען, פאר די רעכט פון אייגענטהום אונ אט אין די מענשענס אינטערעסען ליגט, איינצולאדען זיך מיט א שלום אונ ניט פיהרען קיין מלחמות פאר יעדעקלייניגקייט. אט צוליב דעם געברויך פון שלום, איז ארויסגעקומען געזעטצע אונ א געריכט. די ערשטע שטופּע איז, דאס פאטריארחאלישע

גערי כט. פון אָנפאַנג איז די מאַכט ביי דעם פאטריארך אַ אונ־בעגרענצטע, נאָר ביסליכווייז ווירקען אויף דעם די טראדיצעם און די פערפיינערונג פון זיטטען. אויף דעם פאטריארחאלישען געריכט ווערט דער שולדיגער ניט געמשפט נאָך געוויססע געזעצע פון פערברעכעריי, דאַן איז נאָך קיין שום געזעץ ניטא, עס איז נאָר דאָ דער ווילען פון פאטערס מאַכט. נאָר ווען די פאטריאַרחאלישע פאַמיליע האָט זיך פערגרעסערט, ביז די מאָס פון אַ רעגירונג, איז דער פאָטער שוין ניט אימשטאַנד געווען אַליין אַלץ צו מִשְׁפְּטן אונ ער האָט געברויכט איבער צוגעבען אַנדערע זיי זאָלען אין זיין נאָמען משפטן, דאַן האָט ער שוין געמוזט מאַכען בעשטימטע געזעטצע אָן וועלכע זיי זאָלען זיך מוזען האַלטען.

אַז די בעגריפען פון רעכט פערברייטערן זיך, ווערט אונמעגליך, דאָס איין מענש זאָל עס קענען פערהיטען, אונ אַנשטאט איינעם ווערט יעצט אַ גאַנצע גרופע רעכט פערהיטערס. יעדע פראַגע וועגען אייגענטהום אונ יעדע בעשיצונג איהרע, ווערט אַבהענגיג פון דעם בעשטעטיגונג פון דער גאַנצער געמיינשאַפט. מיט אַנדערע ווערטער, אין די זאַכען ווערט דאָס גאַנצע קָהָל דער געריכט. דעם בעקומען אָדער דעם איבערגעבען דאָס רעכט אויפ׳ן פריוואַט־אייגענטהום, האָט געמוזט בעשטעטיגט ווערען פון דער גאַנצער געזעללשאַפט, דעריבער האָט דאָס געמוזט פאָרקומען אין אַ בעשטימטען אָרט אונ אין אַ בעשטימטע צייט. נאָר יענע אַקטען פון איבערגעבען, שענקען, פערקויפען אונ טוישען האָבען געהאַט אַ מאַכט, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אויף דעם אָרט אונ אין געגענוואַרט פון דאָס גאַנצע פאָלק. ווייל דער פפליכט פון פערהיטען דעם פריוואַט־אייגענטהום איז געלעגען אויף דאָס גאַנצע פאָלק, דעריבער האָט יעדער געהאַט דאָס רעכט צו זאָגען זיין וואָרט אידער ער נעמט אויף זיך די פעראַנטוואָרטליכקייט, אונ דאַדורך האָט דאָס פאָלק גענומען אַ אַנטהייל אין די שלוסען פון פריואַט־אייגענטהום. דער אָרט האָט געדינט פאַר אַ פאָלקספערזאַמלונג אונ אַלס אַ מאַרק, וואו עס פלעגען פאָרקומען אַלע קְנִיּוֹת. אויף דעם אָרט פלעגען אויך

פאָרקומען אַלע חתונות, ווייל אַ חתונה האָט זיך דאַן גערעכענט גלייך ווי אַ קְנִיָה, דען דער פאָטער, האָט דאָס רעכט אויף זיין פריוואַט־אייגענטהום, די טאָכטער, אָפּגעטרעטען דעם מאַן.

דער אַלטער דייטשער קרימינאַל גריכט פלעגט ניט בע־שטראָפען דעם שולדיגען, ער האָט נאָר בעשטעטיגט, אַז דער ליידענדער האָט דאָס רעכט ראַכע צו נעמען פון דעם שולדיגען און קיינער ברויך איהם ניט צו שטערען אין דעם. נאָך אַזאַ ראַכע נעמען, פערשטעהט זיך, האָט שוין דער פערשולדיגטער ניט געטאָרט צוריק טַקֶם זיין זיך אָן דעם ליידענדען. דער פער־משפּטער האָט זיך שוין מעהר ניט גערעכענט פאַר אַ מיטגליד אין דער פאַמיליע אָדער אין דער געזעללשאַפט און ער האָט ניט געקענט האָבען קיין אייגענטהום.

אַזוי ווי אין די אַלטע צייט האָט מען דאָך נאָך ניט גע־וואוסט פון דאָקומענטען, איז דעריבער געווען נור צוויי אַרטען פון אויפווייזען די ריכטיגקייט, ערשטענס, עדות פון לעבעדיגע מענשען. צווייטענס — ווי דאָס זאָל ניט אויסקומען וואונדערליך דאָך איז עס פאַרט אַזוי — עדות פון טוידטע; דען נאָך דעם מיינונג פון אַלטע אונציוויליזירטע פעלקער קען דער טוידטער עדות זאָגען ווער דער מערדער איז געוועזען. אויף אַ ביסעל אַ העכערע שטופע, ווערט צוטהיילט אויף עדות פון לעבעדיגע און עדות פון רוחות און גאָטטער,־ וועלכע ווייסען אויך פון אַזעלכע זאַכען, וואָס מענשען קענען ניט וויססען. דער לעצטער פאָרם פון דעם אַרט דערגעהן די ריכטיגקייט, איז אַ ש ב ו ע ה. ווען מען שווערט פאַלש ווערט מען בעשטראָפט, ווי מען גלויבט, אין דעם יאָהר און אויב מען איז ניט געשטראָפט געוואָרען, בעווייזט עס אַז די שבועה איז אַ ריכטיגע.

אַלע קניות פלעגט מען שטענדיג מאַכען פאַר עדות און פאַר זיי אין די אויגען איבערגעבען דעם קונה אין די הענט. ביי אַזאַ זאַך אָבער, וואָס מען האָט ניט געקענט איבערגעבען מיט די הענט, פלעגט דער פערקויפער אָדער דער קויפער טהון עפּיס אַזוינס, וואָס די עדות זאָלען קענען שטענדיג דעם צייכען גדיינקען, ווי שפּרינ־גען איבערן צאָהם, צוברעכען אַ שטעקען א. ז. וו.

ווייל קיין שריפטליכע דאָקומענטען איז נאָך ניט פֿער־שפּרייט געווען, און דערהויפּט בעוויז, איז נאָר געווען דורך עדות, פֿלעגט מען דעריבער צווינגען עדות צו זאָגען און פֿון דעם איז אַרויס געקומען פ י י נ י ג ו נ ג ע ן (פּיטקעס), פֿון אָנפֿאַנג האָט מען פֿאר ניט וועלען עדות זאָגען געפּייניגט בלויז ק נ ע כ ט אַליין, ווייל מען האָט זיי געהאַלטען פֿאַר גרויסע עַקְשָׁנִים און פֿאַלשע מענ־שען, נאָר אין דעם מיטעלעלטער האָט מען אויפֿגעהערט צו מאַכען אין דעם הינזיכט אַ אונטערשיעד צווישען קנעכט און פֿרייע, און די פּייניגונגען, אין פֿערשידענע שרעקליך מערדערליכע פֿארמען, האָבען געקריגען אַ גרויסע בעדייטונג אין געריכט, דער אזיאטישער גייסט האָט צוריק אַרומגענומען גאַנץ אייראָפּא. פֿריהער פֿאַר אַלעם איז גענאַנגען ש פּ אַ נ י ע און ר ו י ם מיט זייער אינקוויזיציא, וועלכע האָט איינגעפֿיהרט די פּייניגונגען אין געריכט פֿאַר אַלע מענשען גלייך, אָהן אַ אונטערשיד צו וואָס פֿאַר אַ קלאַסס ער געהערט, די אינקוויזיציא האָט בעטראַכט דעם פֿערברעך אַלס אַ פֿערברעך געגען גאָטט און „גאָטטס קנעכט" זיינען דאָך אַלע מענשען, ברויכט מען דעריבער יעדען פֿער־ברעכער צו פּייניגען.

דער צווייטער פֿאָרם עדות זאָגען פֿון טוידטע אָדער רוחות עקזיסטירט שוין היינט ניט, ווייל מיר האָבען איבערגעטוישט אונזערע בעגריפֿען. די רוחות און גאָטטער האָבען זיך נאָך דעם אַ מאָליגען מיינונג מעהר אַריין געמישט צווישען מענשען און זייערע טהאטען, ווי מיר שטעלען זיך היינט פֿאָר. דערהויפּט האָבען זיך די גאָטטער געפֿונען אין געריכט הויז, ווייל די אַמאָליגע געריכט הייזער זיינען אין דער זעלבער צייט אויך געוועזען אַ אָרט פֿאַר דעם קולט, אַ שטענדיגע וואָהנונג פֿאַר די גאָטטער. דאָס אַלעס, וואָס מיר רעכענען פֿאַר געוויססע נאַטור פֿאָלגען אָדער פֿאַר אַ צופֿאַל, ווען מיר זעהען ניט אַרויס די פֿערבינדונג פֿון פֿערשידענע אורזאַכען, וועלכע האָבען דאָס אַרויס געבראַכט, האָט זיך דאַן גאַנץ געוועהנליך געברויכט צו רעכענען פֿאַר גאָטטליכע טהאטען. אומעטום, אין אַלע טהיילען פֿון דער וועלט האָבען מענשען געוואָלט זיך בענוצען מיט די

נייגונג פון די גאָטטער אַריין צו מישען זיך אין מענשליכע פער־העלטניסע. אין די עדות פון די גאָטטער האָבען זיי געקריגען אַ ידיעה אין דעם, וואָס זיי איז געווען אונבעוואוסט. דער איינ־פאַכסטער אונ אַם מעהרסטען געברויכטער מיטעל דאַצו, איז געווען אַ גורל. ווען מען האָט געוואָלט וויססען ווער דער גנב איז, האָט מען פריהער געוואָרפען גורל צווישען די שבטים, נאַכהער אין די משפחות פון שבט, וואָס אויף איהם איז געפאַלען דער גורל, נאָך דעם האָט מען געוואָרפען גורל צווישען די מיטגלידער פון דער משפחה. צו איינעם פון די מיטלען גע־הערט אויך דער געבען טרינקען אַ פרוי די ביטערע וואַססער אום צו ערקונדיגען זיך אין איהר פרויען אָרענטליכקייט. אַ זאַק מיט גורל קוויטלאַך האָבען אויך מיטגעטראָגען די עגיפטישע פריס־טער, ווען זיי האָבען אַ אַנטהייל גענומען אין דעם געריכט. אונ טאקע צוליב דעם גורל איז דער כהן אויך געוועזען דער ריכטער. אין אַפריקא, ווען מען וויל אויפזוכען דעם פערברעכער געברויכט מען פיעל מיטלען, וועלכע זיינען עהנליך צו דעם גורל. צוליב דעם, וואָס מען האָט געוואָלט וויססען די ריכטיג־קייט ווער פון די בעלי דינים איז גערעכט, האָט מען איינגעפיהרט דועלן.

די שווערדען האָבען באַלד געברויכט צו בעווייזען ווערען גאָטט העלפט אונ וועמען ער בעשטראָפט. דערפון האָט מען געוואוסט ווער עס איז גערעכט. אונ אַזוי האָט מען איבערגעגע־בען זייער געריכט צום הימעל.

ביי אונז האָבען זיך די אַלע מיטלען אונ פאָרמען איבער־געטוישט, ווי עס האָבען זיך מיט דער צייט געטוישט אַלע אַנדערע פאָרמען, מיינונגען אונ בעגריפען.



פערלאג פראגרעס ווארשא

געוועזענע א. קאַטיק'ס אויסגאַבען .

# אָדָם־הָרִאשׁוֹנ'ס דוֹרוֹת

אדער

## דִי פָּארְהִיסְטָארִישֶׁע צַייט פון מֶענְשֶׁען.

פערפאַסט דורך

קודריאַווסקי.

מיט צייכנונגען צום ענדע .

צווייטע אויסגאַבע

ווארשא . תרס"ה .

דרוק ש. ב. לנדא, נאלעווקי 38.

# ОДОМЪ-ОРИШЕЙНСЪ ДЕЙРЕСЪ

*т. е. Первобытная жизнь человѣка.*

Сочиненіе **Кудрявскаго.**

Переводъ съ русскаго.

Изданіе „ПРОГРЕСЪ“.

Типо-Лит. Ф. Баумриттера, Красинская площадь № 6.

# אַיינְלֵייטוּנְג.

דָאס רוב מֶענְשֶׁען וָואס הָאבֶּען וֶוענִיג גֶעלֶעזֶען אוּנ גֶעטְרַאכְט, מַיינֶען, אַז פוּן אַייבִּיג אָן, פוּן שֵׁשֶׁת יְמֵי בְרֵאשִׁית, הָאט דִי וָועלְט גֶעלֶעבְּט פּוּנְקְט אַזוֹי וִוי זִי לֶעבְּט יֶעצְט. אֶמֶת דָאס וַוייסְט שׁוֹין יֶעדֶער, אַז נִיט אַלֶע מָאל הָאבֶּען מֶענְשֶׁען גֶעקֶענְט אַזוֹי וִוי יֶעצְט פְלִיהֶען אִין דֶער לוּפְטֶען מִיט לוּפְט־בַּאלָאנֶען, לוֹיפֶען שְׁנֶעלל וִוי אַ פַייל אוֹיף אַייזֶענְבַּאהְנֶען, אִיבֶּערְגֶעבֶּען דִי גֶעדַאנְקֶען דוּרְךְ טֶעלֶעגְרַאפֶען אוּנ טֶעלֶעפָאנֶען אוּנ בֶּענוּצֶען זִיךְ מִיט אַלֶע אִיבְּרִיגֶע עֶרפִינְדוּנְגֶען, מִיט וֶועלְכֶע עֶס רִיהְמְט זִיךְ דֶער נֵיינְצֶעהְנְטֶע יַאהרְהוּנְדֶערְט. אָבֶּער וָוער שְׁטֶעלְט זִיךְ דָאס פָאר, אַז עֶס אִיז גֶעוֶוען אַמָאל אַ צַייט וָוען דִי מֶענְשֶׁען זַיינֶען גֶעגַאנְגֶען הוֹיל־נַאקֶעט, הָאבֶּען גֶעווֹאהְנְט אִין הֶאהלֶען אָדֶער אוֹיפ'ן פְרַייֶען פֶעלְד אוּנ גֶעלֶעבְּט וִוי דִי וִוילְדֶע חַיוֹת? וֶוער הָאט אַ רִיכְטִיגֶען בֶּעגְרִיף אוֹיף וִויפִיעל עֶס אִיז אִיבֶּערְגֶעבִּיטֶען גֶעוָוארֶען דָאס לֶעבֶּען פוּן מֶענְשֶׁען, צַייט עֶר גֶעפִינְט זִיךְ אוֹיף דֶער עֶרְד בִּיז הַיינְט, סַיי דָאס לֶעבֶּען פוּן יֶעדֶען אֵיינְצִיגֶען מֶענְשֶׁען בֶּעזוּנְדֶער אוּנ סַיי דָאס גֶעזֶעלְשַׁאפְטְלִיכֶע לֶעבֶּען? מֶען קֶען זָאגֶען, אַז פוּן דִי שְׁוַאר־גָאנִישֶׁע לֶעזֶער הָאט כִּמְעַט קֵיינֶער קֵיין בֶּעגְרִיף נִיט וֶועגֶען דֶעם. אִין אֶמֶת'ן אָבֶּער זַיינֶען דִי מֶענְשֶׁען נִיט מִיט־אַ־מָאל גֶעקוּמֶען צוּ דֶער מַדְרֵגָה אוֹיף וֶועלְכֶע זַיי שְׁטֶעהֶען הַיינְט; הוּנְדֶערטֶער אוּנ טוֹיזֶענְדֶער יָאהרֶען הָאבֶּען גֶעדוֹיעֶרְט בִּיז דָאס לֶעבֶּען הָאט בֶּעקוּמֶען אַזַא פָארְמֶע וִוי מִיר גֶעפִינֶען יֶעצְט; גַאנְצֶע דוֹרוֹת, גַאנְצֶע גֶעזֶעללשַׁאפְטֶען הָאבֶּען אוֹיף דֶעם גֶעהָארֶעוֶועט, דִי מֶענְשְׁהַייט הָאט זִיךְ גַאנְץ פַאמֶעלִיךְ, טְרִיט בַּיי טְרִיט, עֶנְטְווִיקֶעלְט אוּנ אִיבֶּערְגֶעבִּיטֶען, אַזוֹי, אַז קֵיינֶער הָאט גָאר נִיט בֶּעמֶערְקְט דִי פַארְאֶנְדֶערוּנְגֶען וָואס זַיינֶען פָארְגֶעקוּמֶען אִין זַיין צַייט, אוּנ יֶעדֶער דוֹר הָאט גֶערֶעכֶענְט, אַז עֶר לֶעבְּט פּוּנְקְט וִויא זַיינֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען גֶעלֶעבְּט.

אִיבֶּערְהוֹיפְּט אִיז אַ טָעוּת צוּ רֶעכֶענֶען, אַז אַלְץ וָואס מִיר זֶעהֶען פַאר זִיךְ אִיז אַזוֹי פוּן אַייבִּיג אוּנ מִיר וֶועלֶען דָאס אַלְץ לָאזֶען אִין דֶעם זֶעלְבֶּען צוּשְׁטַאנְד וִוי הַיינְט, וָוארוּם בֶּאֶמֶת שְׁטֶעהְט קֵיין

נאָך נִישְׁט אויף אַיין אָרְט. נִיט נָאר דֶעם מֶענשֶׁענְס לֶעבֶּען אוּנ אַלֶע גֶעזֶעלשַׁאפְטְלִיכֶע אָרדְנוּנְגֶען בַּייטֶען זִיךְ, נָאר אַלְץ אָהן אַ אויסנַאהְמֶע אֶנְדֶערְט זִיךְ בְּסֵדֶר. דִי גֶעלֶעהרנְטֶע הָאבֶּען מִיט אותות וּמוֹפְתִים בֶּעוִויזֶען, אַז אֲפִילוּ דִיא עֶרְד גוּפָא בַּייט זִיךְ אויךְ; זֵיי הָאבֶּען דֶערְוִויזֶען, אַז לְכַתְּחִילָה אִיז דִי עֶרְד גֶעוֶועזֶען אִין אַ צוּבְּרֶענְטֶען צוּשְׁטַאנְד, אַ שְׁטִיק צוּשְׁמָאלְצֶענֶע מַאססֶע, נָאר מִיט דֶער צַייט הָאט זִי זִיךְ אָפְּגֶעקִיהלְט אוּנ עֶס הָאבֶּען זִיךְ אויף אִיהר אָנְגֶעהוֹיבֶּען בֶּעוַויזֶען גֶעוִויקְסֶע, חַיוֹת אוּנ מֶענְשֶׁען *).

פוּן דֶער צַייט וָואס דֶער מֶענְשׁ גֶעפִינְט זִיךְ אויף דֶער עֶרְד הַייבְּט זִיךְ אָן זַיין הִיסְטָארְיֶע, וֶועלְכֶע בֶּעשְׁטֶעהט — אַזוֹי וִוי אַלְסְדִינְג — פוּן שְׁטֶאנְדִינְגֶע אִיבֶּערבַּייטוּנְגֶען. נָאר דִי אִיבֶּערבַּייטוּנְגֶען זַיינֶען אַזוֹי לַאנְגְזַאם אוּנ אַזוֹי פַּאמֶעלִיכ'ן גֶעשֶׁעהֶען, אַז קֵיינֶער הָאט זֵיי נִיט גֶעפִיהלְט אוּנ יֶעדֶען הָאט זִיךְ גֶעדַאכְט אַז עֶר לֶעבְּט נָאכ'ן אַלְטֶען שְׁטַייגֶער, פּוּנְקְט וִוי מִיר פִּיהלֶען נִיט דִיא פַארֶאנְדֶערוּנְגֶען וֶועלְכֶע קוּמֶען־פָאר אִין אוּנְזֶערֶע צַייטֶען.

— אָבֶּער פוּן וַואנֶען וַוייסְט אִיהר דָאס, שְׁרַייבֶּער? — וֶועט גֶעווִיס פְרֶעגֶען יֶעדֶער אַיינְפַאכֶער לֶעזֶער — פוּן וַואנֶען וַוייסְט אִיהר אַז אַ מָאל אִיז דֶער מֶענְשׁ גֶעוֶוען גַאנְץ ווִילְד, גְלַייךְ צוּ אַ בְּהֵמָה, אוּנ נָאר גַאנְץ לַאנְגְזַאם אִיז עֶר לַייטִישֶׁער גֶעוָוארֶען אוּנ גֶעקוּמֶען צוּ זַיין הַיינְטִיגֶער מַדְרֵגָה? אִיהר אַלֵיין זָאגְט דָאךְ אַז קֵיינֶער בֶּעמֶערְקְט גָאר נִישְׁט דִי שִׁנוּיִים וָואס קוּמֶען פָאר אִין זַיין צַייט אוּנ יֶעדֶער גְלוֹיבְּט אַז עֶר לֶעבְּט פּוּנְקְט וִוי זַיינֶע עֶלְטֶערן הָאבֶּען גֶעלֶעבְּט, טָא פוּן וַואנֶען וַוייסְט אִיהר גָאר אַז עֶס זַיינֶען פָארגֶעקוּמֶען אִין דֶעם מֶענשֶׁענְס לֶעבֶּען אַזָאלְכֶע אוּנְגֶעהַייעֶרֶע שִׁנוּיִים?

מַיינְט נִיט אַז עֶס אִיז אָנְגֶעקוּמֶען לַייכְט אַיידֶער מֶען הָאט זִיךְ דָאס דֶערְוואוּסְט, דָאס אַלֵיין הָאט אויךְ לַאנְג גֶעדוֹיֶערְט, אוּנ נָאר

---

*) וועגען דער ערד, וויא אזוי זי איז ענטוויקעלט געווארען אונ האט בעקומען איהר היינטיגע פֿאָרמע, מאכען מיר פארטיג א בעזונדער ביכעל. וועלכעס וועט אין גיכען אפגעדרוקט ווערען.

א. ק.

ביסליכוייז זיינען מיר צו דעם געקומען, אט וועל איך אייך מאקי באלד ערצעהלען ווי אזוי דאס איז געשעהען.

ערשטענס געפינען זיך נאך עד היום שפורען פון די פארצייטיגע מענשען, עס זיינען אונז געבליבען פון זיי פערשיעדענע אנדענקען, פון וועלכע מיר קענען וויסען וואס דאמאלס איז געשעהען אונ וואס פאר א לעבען זיי האבען דענסטמאל געפיהרט.

אין פיעל ערטער געפינט מען אין דער ערד מענשליכע ביינער, סקעלעטין, שארבענס אונ געבען זיי געפינט מען פערשיעדענע געפאס, כלי בית אונ ציערונג, וועלכע האבען בעשיינפערליך געהערט צו די מענשען וואס האבען דאמאלס געלעבט. אויך אין אונזערע מקומות, אז מען גראבט אויף גאנץ אלטע קברים געפינט מען דארט פערשיעדענע [illegible] כלי זיין (געוועהר), וועלכע מען פלעגט פארצייטענס בעגראבען צוזאממען מיט די ברי-מינן'ס, אט פון די נאכגעבליבענע זאכען "שטויסען מיר זיך אן" ווי אזוי מענשען האבען געלעבט אין די אלטע צייטען.

אויסער דעם געפינען מיר ביי די פארצייטיגע שרייבער גאנצע ערצאהלונגען ווי אזוי עס האבען געלעבט די אמאליגע פעלקער אונ פון דער זעלבער צייט וואס דער מענש האט זיך נאר אויסגעלערנט פארשרייבען זיינע געדאנקען, ווייסען מיר כמעט גאנץ גענוי די היסטאריע אונ דאס שטייגער לעבען פון יעדען פאלק ביז היינטיגען טאג.

נאר שרייבען איז דאך – ווי מיר וועלען ווייטער זעהען – א שפעטערינע המצאה, זעהר פיעל צייטען אונ דורות זיינען דאך אריבער איידער דער מענש האט זיך אויסגעלערנט פארשרייבען זיינע געדאנקען, היינט פון וואנען ווייסען מיר דעם מענשענס היסטאריע פון דער צייט וואס דאס שרייבען איז נאך גאר אויף דער וועלט ניט געוועהן? נאטירליך, מען האט זיך געקענט משער זיין וועלכע פאראנדערונגען עס זיינען ביז דאמאלס פארגעקומען, אבער אזאלכע מיני טרעפעניסען, בויך-סברות, האבען זייער א קליינעם וויסענשאפטליכען ווערטה; איינעם קען זיך דאכטען אזוי אונ דעם צווייטען — פונקט קאפויר, היינט גיי טרעף ווער פון זיי איז גערעכט!

אונ ווער ווייסט ווי לאנג מיר וואלטען זיך געמוטשעט בעגנוגענן

מִיט בְּלוֹיזֶע הַשְׂעָרוֹת, שְׁפִּיעלֶען אִין טְרֶעפֶּענִישֶׁען און טַאפֶּען ווִי דִיא בְּלִינְדֶע. נָאר אַגְלִיקְלִיכֶער צוּפַאלל הָאט אוּנז גֶעאֶפֶּענְט דִי אוֹיגֶען און גֶעגֶעבֶּען דִי מֶאגְלִיכְקֵייט צוּ ווִיססֶען גֶענוֹי, ווִי הָאבֶּען מֶענְשֶׁען גֶעלֶעבְּט גָאר גָאר אַמָאל, אִין דֶער פְּרֶעהִיסְטָארִישֶׁער צייט, ווען אויף דֶער וועלְט איז נָאךְ נִיט גֶעווען נִיט קֵיין שְׁרַייבֶּערְס און נִיט קֵיין כְּתָב צוּ שְׁרַייבֶּען.

אַז מֶען הָאט גֶעפוּנֶען אַמֶערִיקַא און נָאכְהֶעם אוֹיסטְרַאלְיֶען, הָאט זִיךְ צְווִישֶׁען אֵייְרָאפַּא און דִי צְווֵיי נַיי-גֶעפוּנֶענֶע לֶאנְדֶער אָנ-גֶעהוֹיבֶּען זֶעהר אָפְטֶע עֲסָקִים, עֶס הָאט זִיךְ פארבּוּנְדֶען צְווִישֶׁען זֵיי שְׁפֶּאנְדִיגֶע אוֹיפְטְרֶאגֶע. בּאלְד דִי עֶרשְׁטֶע רַייזֶענְדֶער, וואס זַיינֶען אַהִין גֶעקוּמֶען מִיט'ן יַם, הָאבֶּען בֶּעמֶערְקְט, אַז דִי דָארְטִיגֶע מֶענְשֶׁען לֶעבֶּען גָאר אַנְדֶערְשׁ ווִי דִי אֵייְרָאפֶּאעֶר לֶעבֶּען. אִין אוֹיס-טְרַאלְיֶען און אִין אַמֶערִיקַא הָאט מֶען גֶעפוּנֶען אִי אַזְאלְכֶע מֶענְשֶׁען וואס זַיינֶען גֶעגַאנְגֶען מוּטֶער-נַאקֶעט, אִי אַזְאלְכֶע וואס הָאבֶּען שׁוֹין גֶעהַאט גְרוֹיסֶע און קוּנְצִיגֶע בִּנְיָנִים. דִי עֶרשְׁטֶע זַאךְ, פַארשְׁטֶעהט זִיךְ, הָאט זִיךְ גְלַייךְ גֶעווָארְפֶען אִין דִי אוֹיגֶען: דֶער אוּנְטֶערשַׁייד צְווִישֶׁען דֶעם אֵייְרָאפֶּאאִישֶׁען לֶעבֶּען און דֶעם לֶעבֶּען פוּן דִי נַיי גֶעפוּנֶענֶע פֶאלְקֶער.

דִי אֵייְרָאפֶּאאִישֶׁע מֶענְשֶׁען הָאבֶּען בַּאלְד בֶּעמֶערְקְט, אַז יֶענֶע פֶאלְקֶער שְׁטֶעהֶען נִידֶערִיגֶער פַאר זֵיי אִין אַלֶע הִינְזִיכְטֶען, דָאס יֶענֶע אוּמוֹת זַיינֶען ווִילְדֶע *). מֶען הָאט אוֹיף דִי ווִילְדֶע גֶעקוּקְט מִיט אַבְּשַׁיי, עֶס אִיז אוֹיךְ זֶעהר גֶעשְׁווִינְד גֶעוָוארֶען אַ שִׂנְאָה צְווִישֶׁען דִי אֵייְרָאפֶּאעֶר און דִיא ווִילְדֶע, און דִי שִׂנְאָה מִיט דֶעם הַאס הָאבֶּען זִיךְ נָאךְ פַארגְרֶעסֶערְט דַאדוּרְךְ, וואס יֶענֶע מֶענְשֶׁען זַיינֶען נִיט אִיבְּרִיג צוּפְרִיעדֶען גֶעוועזֶען מִיט דִי נַייֶע אוּמְגֶעבֶּעטֶענֶע גֶעסְט, ד"ה מִיט דִי אֵייְרָאפֶּאעֶר. נָאר ווִי דִיא מַעֲשֶׂה אִיז שׁוֹין גֶעוועזֶען, הָאבֶּען דִי אֵייְרָאפֶּאעֶר פָּארְט גֶענוּמְט בֶּעקֶענֶען זִיךְ מִיט יֶענֶע מֶענְשֶׁען, בַּיי וועלְכֶע זֵיי הָאבֶּען זִיךְ בֶּעזֶעצְט אִין שְׁכֵנוּת, הֲגַם זֵיי הָאבֶּען זֵיי נִיט אִיבְּרִיג לִיעבּ גֶעהַאט. זֵיי זַיינֶען בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען מִיט זֵייעֶר לֶעבֶּען

*) זעה „ערצאָהלונגען וועגען ווילדע מענשען", דורך אונז ארויס-געגעבען.

און מיט זייערע מנהגים. עס האבען זיך אויך געפונען אזאלכע, וואס זיינען שטארק מקורב געווארען מיט די ווילדע מענשען און האבען אפילו געלעבט אין איינעמען מיט זיי.

אויסער דעם, כדי צו איינהאמעווען די אומרוהיגע ווילדע שבטים, האבען די קאטוילישע מאנאכען און פרעדיגער (דרשנים) געשטרעבט צו פארשפרייטען דארט די קריסטליכע אמונה, און אום צו קענען ווירקען אויף זיי, האבען די מאנאכען געמוזט זיך אויסלערנען זייער שפראכע און גוט דורכשטודירען זייער ארט לעבען. אט אויף אזא נ׳אופן האבען די איירעפעער זיך בעקענט מיט דעם לעבען פון די ווילדע פעלקער, און וואס ווייטער האבען זיי אלץ דייטליכער איינגעזעהן, אז בעמת איז גאר ניט אזא גרויסער אונטערשייד צווישען די איירעפעער און די ווילדע, ווי מען האט לכתחילה געמיינט.

עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז די ווילדע האבען אויך פיעל גוטע מעלות, וועלכע מען געפינט אפט ניט ביי די איירעפעער; אין פיעל זאכען, האט זיך ארויסגעוויזען, שטעהען די איירעפעער גאר ניט העכער פאר יענע ווילדע, און גאר צום סוף האט מען זיך דער־וואוסט, אז פיעל זאכען וואס עקסעסטירען יעצט ביי יענע ווילדע פעלקער, האבען א מאל עקסעסטירט אויך ביי איירעפעער.

אין פערשיעדענע ערטער פון איירעפא האט מען אנגעהויבען געפינען געוועהר (כלי־זין), כלים און ציערונג. וועלכע זיינען גאנץ ענליך צו די, וואס די ווילדע מענשען בענוטצען. די געלעהרנטע האבען בכיון געלאזט גראבען אין דער ערד און האבען דארט געפונען א מענגע אזאלכע זאכען. פרעגט זיך: ווי קומט עס, וואס די געפונענע זאכען זיינען אזוי ענליך צו די ווילדע מענשענס בעלי־בתישקייט, גלייך ווי איין מייסטער וואלט זיי געמאכט? — ניט אנדערש, אז אונזערע עלטער־עלטער־זיידעס פארצייטען האבען געפיהרט פונקט אזא לעבען, ווי די ווילדע מענשען היינט!

אט דא איז מען ערשט ארויף אויפ׳ן ריכטיגען וועג, צו דער־געהען, ווי אזוי איז געוועזען אונזער אמאליגעס לעבען. מען האט נאר געברויכט גוט בעטראכטען וואס עס קומט־פאר היינט ביי די ווילדע פעלקער, זעהען ווי זיי לעבען, האט מען שוין געוואוסט ווי אזוי איז

גֶעוֶוען אַמָאל אוּנְזֶער אֵ י י גֶ ע ן לֶעבֶּען ... אִין דִי ווִילְדֶע הָאבֶּען מִיר גֶעפוּנֶען אַ לֶעבֶּעדִיגֶען בַּיישְׁפִּיעל פוּן אוּנְזֶערֶע אָבוֹת אֲבוֹתֵינוּ ...

אוּנ אַז מִיר הָאבֶּען אַזוֹי אַרוּם גֶעפוּנֶען דֶעם שְׁלִיסֶעל פוּן אוּנְזֶער אַמָאלִיגֶעם לֶעבֶּען, זַיינֶען דִי ווִילְדֶע גֶעוָוארֶען נָאךְ פִיעל אִינְטֶערֶע־סַאנְטֶער אִין אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען, מֶען הָאט נָאךְ אוֹיפְמֶערְקְזַאמֶער אוּנ מִיט מֶעהר פְלַייס אָנְגֶעהוֹיבֶּען דוּרכְשְׁטוּדִירֶען זַייעֶר לֶעבֶּען, ווַייל בַּאדוּרךְ הָאט זִיךְ אַלְץ מֶעהר אוּנ מֶעהר גֶעאֶפֶענְט פַאר אוּנְז אוּנְזֶער פֶערגַאנְגֶענְהֵייט; אִין דֶעם לֶעבֶּען פוּן דִי ווִילְדֶע הָאבֶּען מִיר גֶעפוּנֶען אַ גִ׳ענְטְפֶער אוֹיף אַזָאלְכֶע שַׁאֲלוֹת וָואס דִי הִיסְטָארְיֶע פוּן דִי אַייְרָא־פֶּאִישֶׁע פֶעלְקֶער הָאט אוֹיף זַיי נִיט גֶעקָאנְט עֶנטְפֶערֶען ...

דִי אַייְרָאפֶּאֶער הָאבֶּען אַלְזָא אָפְּגֶעזוּכְט זַייעֶר פַארגַאנְגֶענְהֵייט אוּנ הָאבֶּען זִיךְ דֶערוואוּסְט דִי גֶעשִׁיכְטֶע פוּן דֶער גַאנְצֶער מֶענְשְׁהֵייט פוּן יֶענֶער גַאנְץ־אַלְטֶער צַייט, ווֶען דֶער מֶענְשׁ אִיז נָאךְ גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף אַזַא נִידְרִיגֶע מַדְרֵגָה, אַז עֶר הָאט קוֹים־קוֹים גֶעקֶענְט בֶּעקוּמֶען מִיטְטֶלֶען צוּ דֶערהַאלְטֶען זַיין לֶעבֶּען; פוּן יֶענֶער צַייט, ווֶען דֶער מֶענְשׁ אִיז גֶעשְׁטַאנֶען גַאנְץ עֶלֶענְד אוּנ אַיינְזַאם אִין דֶער גְרוֹיסָאמֶער נַאטוּר, מִיט וָועלְכֶע עֶר הָאט גֶעמוּזְט שְׁטֶענְדִיג פִיהרֶען מִלְחָמָה, נִיט הָאבֶּענְ־דִיג דֶערצוּ קֵיין מִיטְטֶעל, אוֹיסֶער דִי, ווֶעלְכֶע דִי נַאטוּר אַלֵיין הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען, נָאר עֶר אִיז נָאךְ גֶעוֶועהן אַזוֹי וֶוענִיג עֶנטְוִויקֶעלְט, אַז עֶר הָאט נָאךְ נִיט גֶעווּאוּסְט ווִי עֶר זָאל דִי דָאזִיגֶע מִיטְטְלֶען אָפְּזוּכֶען אוּנ זִיךְ גֶעהֶעריג מִיט זַיי בֶּענוּטְצֶען ...

אַלְזָא, דִי גֶעשִׁיכְטֶע פוּן דֶעם מֶענְשֶׁען הֵייבְּט זִיךְ אַזוֹי אָן: דֶער מֶענְשׁ גֶעפִינְט זִיךְ אִין דֶער גְרוֹיסֶער אוּנ רַייכֶער נַאטוּר, וואוּ עֶר קֶען הָאבֶּען אַלְסְדִינְג וָואס עֶר דַארְף, ווֶען עֶר זָאל נָאר שֵׂכֶל הָאבֶּען ווִי אַזוֹי אָפְּזוּכֶען אוּנ נֶעהמֶען וָואס עֶר הָאט נֶאטְהִיג. נָאר דִי זֶעלְבִּיגֶע נַאטוּר בְּרֶענְגְט אִיהם אוֹיךְ שָׁאדֶען. טְהוּט אִים אָן נִיט וֶוענִיג צָרוֹת. דֶער מֶענְשׁ שְׁטֶעהְט אִין פִיעל הִינְזִיכְטֶען אֶרְגֶער ווִי אַ חַיָה אִין וַואלְד, דֶען אִיהם הָאט דִי נַאטוּר נִיט גֶעגֶעבֶּען נִיט קֵיין הַארְטֶע הָארִיגֶע הוֹיט, זִיךְ צוּ שִׁיצֶען פַאר קֶעלְט, נִיט קֵיין גְבוּרָה, שַׁארְפֶע נֶאגֶעל

/

אָדֶער צָאהן , זִיךְ צוּ שִׁיצֶען פַאר זַיינֶע פֵיינְד. עֶר אִיז גַאנְץ עֶלֶענד אוּנ אָהן שׁוּטְץ , אוּנ נָאר דַאן וֶועט עֶר קֶענֶען אִיבֶּערְשְׁטַייגֶען אַלֶע אִיבְּרִיגֶע בְּרוּאִים אוּנ שְׁטֶעהן הֶעכֶער וִוי זֵיי . וֶוען עֶר וֶועט בֶּעסְסֶער פוּן זֵיי וִויסֶען, וִוי בֶּענוּטְצֶען זִיךְ מִיט דִי בְּלִינְדֶע כֹּחוֹת פוּן דֶער נַאטוּר אוּנ וֶועט זִיךְ אוֹיסְלֶערְנֶען שְׁטְרַייטֶען אוּנ מִלְחָמָה הַאלְטֶען מִיט דֶער דָאזִי-גֶער פַיינְדְלִיכֶער נַאטוּר, בֶּענוּטְצֶענְדִיג זִיךְ טַאקִי מִיט דִי מִיטְטְלֶען וֶועלְכֶע דִי זֶעלְבִּיגֶע נַאטוּר אַלֵיין גִיט אִיהם . . . אִין דֶער דָאזִיגֶער מִלְחָמָה וֶוערֶען אַלֶע זַיינֶע פֶעהִיגְקֵייטֶען עֶנְט-וִויקֶעלְט, זַיין שֵׂכֶל וֶוערְט גֶעשַׁארְפְט , אוּנ סוֹף כָּל סוֹף אִיז עֶר מְנַצֵחַ דִי נַאטוּר, זִי מוּז זִיךְ אוּנְטֶער אִיהם אוּנְטֶערגֶעבֶּען.

צוּ פִיהרֶען אַ מִלְחָמָה מִיט דֶער נַאטוּר אִיז אָבֶּער אַיין מֶענְשׁ אַלֵיין נִיט אִים שְׁטַאנְד. דִי שׂוֹנְאִים זַיינֶען זֶעהר פִיעל אוּנ זֶעהר שְׁטַארְק, אוּנ כְּדֵי צוּ בֶּעשְׁטֶעהן קֶענֶען זֵיי, מוּזֶען פִיעל מֶענְשֶׁען זִיךְ פַאראֵיינִיגֶען צוּזַאמֶּען, עֶס וֶוערְט אַ גַאנְצֶע חֶבְרָה, אַ גֶעזֶעלְשַׁאפְט, אוּנ אֵיינֶע דִי אַנְדֶערֶע הֶעלְפֶען זִיךְ, צוּ שְׁטְרַייטֶען קֶענֶען דֶער פַיינְד-לִיכֶער נַאטוּר. -- דֶער קַאמְפְּף, דִי מִלְחָמָה מִיט דֶער נַאטוּר אִיז אַלְזָא גֶעוֶועזֶען אוֹיךְ אַ שׁוּלֶע, אַ לֶערְן-חֵדֶר פַאר דֶעם גֶעזֶעלְשַׁאפְטְלִיכֶען לֶעבֶּען. דָארְט הָאט זִיךְ דֶער מֶענְשׁ אוֹיסְגֶעלֶערְנְט אוּנ אֵיינְגֶעוָואהְנְט צוּ לֶעבֶּען בְּחֶבְרוּתָא מִיט אַנְדֶערֶע מֶענְשֶׁען ;

„דֶער מֶענְשׁ אִיז אַ גֶעזֶעלְשַׁאפְטְלִיכֶע חַיָה" הָאט גֶעזָאגְט דֶער גְרִיכִישֶׁער פִילָאזָאף אַרִיסְטָאטֶעלֶעס . אוּנ בֶּאֱמֶת , קֵיין רֵייזֶענְדֶען אִיז נָאךְ קֵיינְמָאל נִיט פָארְגֶעקוּמֶען, צוּ טְרֶעפֶען אַ מֶענְשֶׁען אֵיינֶעם אַלֵיין, וַוייל אֵיין מֶענְשׁ אַלֵיין אִיז גָאר נִיט אִים שְׁטַאנְד צוּ עֶקְסֶעסְטִירֶען, עֶר מוּז זִיךְ פֶעראֵיינִיגֶען מִיט נָאךְ אַנְדֶערֶע, עֶר מוּז לֶעבֶּען אִין גֶעזֶעלְשַׁאפְט מִיט נָאךְ אַנְדֶערֶע מֶענְשֶׁען, כְּדֵי עֶר זָאל הֶעלְפֶען יֶענֶע אוּנ יֶענֶע זָאלֶען אִיהם הֶעלְפֶען, צוּ שְׁטְרַייטֶען אוּנ שִׁיצֶען זִיךְ פַאר זֵייעֶר אַלְגֶעמֵיינֶעם פַיינְד.

דאס געזעללשאפטליכע לעבען האט זיך אלזא אנגעהויבען ביים מענשען באלד אין די ערשטע צייטען נאכדעם ווי ער איז געקומען אויף דער וועלט. די געזעללשאפט, ד"ה: דאס לעבען פון פיעל מענשען צוזאמען, האט געהאט פערשיעדענע פארמען, לויט ווי די אומשטאנדען האבען געפאדערט און לויט ווי עס איז נאטהיג געווען צום עקסיסטירען און קאמפען מיט דער נאטור... בישליכוייז איז דאס געזעללשאפטליכע לעבען געווארען שטארקער, ענטוויקעלטער, די שייכות פון איין מענשען צום אנדערן איז געווארען אלץ גראססער און פעסטער, ביז צום סוף האט דאס צוזאמען-לעבען אויסגעארבעט ביי זיי — א שפראכע. דורך דער שפראכע איז די מענשליכע געזעללשאפט נאך מעהר צוזאמענגעבונדען געווארען, ווייל דורך איהר האבען זיי ערשט רעכט געקענט פארשטיין איינער דעם אנדערן און דורך איהר איז ערשט רעכט אויסגעארבעט און אויסגעשליפען געווארען דאס בעסטע און וויכטיגסטע וואס דער מענש פארמאגט — זיין שכל! די שפראכע איז געווען איינע פון די גרעסטע מיטטעל, דורך וועלכע די מענשהייט האט הויך געשטיגען. דאס וואס דער טאטע האט געוואוסט, האט ער מיט ווערטער איבערגעגעבען זיין זוהן; די אלע ידיעות וואס די פריהעריגע דורות זיינען דערגאנגען, זייער גאנצע פראקטיק און געניטקייט, האבען זיי דורך דער שפראכע איבערגעלאזט פאר די שפעטעריגע דורות, און דאדורך פיעל פארלייכטערט און פארגרינגערט זייער ארבייט. —

און אזוי איז דעם מענשענס לעבען וואס ווייטער אלץ איבערגעביטען געווארען און בעקומען א בעססערן פנים, זיינע ידיעות האבען זיך פון דור צו דור פארמעהרט, זיין שכל איז וואס א מאל געווארען אויסגעארבייטער, ער האט וואס אמאל בעקומען נייע און בעססערע איינפאללע, נייע און בעססערע בעגריפפען, השגות, וועלכע האבען ווידער געווירקט אויף זיין שטייגער לעבען. עס איז שוין אין איהם גאר ניט געווען צו ערקענען דעם אמאליגען ווילדען, אונבעהילפליכען, אונבעשיצטען מענשען, ער האט שוין גאר אנדערש געלעבט, אנדערש געטראכט און גאנץ אנדערש זיך אויפגעפיהרט ווי א מאל פארצייטענס...

אלזא, אויף דער פראגע: פון וואס בעשטעהט די היסטאריע פון דער גאנצער מענשהייט, קענען מיר ענטפערען, אז זי בעשטעהט

פוּן דְרַייא פּוּנקְטֶען : 1) פוּן דֶעם מַאטֶערְיַאלֶענֶעם לֶעבֶּען, ד"ה דָאס אַרְט אוּנ שְׁטֵייגֶער לֶעבֶּען וָואס אַנבֶּעלַאנגְט דֶעם ג וּ ף : 2) דָאס גֶעזֶעלשַׁאפְט־לִיךְ לֶעבֶּען, אוּנ 3) דָאס גֵייסְטִיגֶע לֶעבֶּען. אָט דִי דְרַייא זַיינֶען דִי פֶּעדִים, פוּן וֶועלְכֶע עֶס אִיז אוֹיסגֶעוֶועבְּט דִי הִיסְטָארְיֶע פוּן דִי מֶענְשֶׁען אוֹיף דֶער וֶועלְט.

מֶען דַארְף אָבֶּער נִיט מֵיינֶען, אַז דִי דְרַייא זַאכֶען, וָואס מִיר הָאבֶּען דָא אוֹיסגֶערֶעכְנְט, זַיינֶען גַאנְץ אָבּגֶעטְהֵיילְט אֵיינֶע פוּן דִי אַנְדֶערֶע אוּנ הָאבֶּען קֵיין שׁוּם שַׁיְיכוּת נִיט אֵיינֶע צוּ דִי אַנְדֶערֶע, אַדְרַבָּא, זֵיי זַיינֶען זֶעהר פֶעסְט פַארבּוּנְדֶען צְווִישֶׁען זִיךְ. דֶען לוֹיט וִוי עֶס אִיז גֶעוֶוען דֶער מַצָב פוּן דֶעם מַאטֶערְיַאלֶענֶעם לֶעבֶּען, אַזוֹי הָאט זִיךְ גֶעפָארְמֶעוֶועט דָאס לֶעבֶּען פוּן דֶער גֶעזֶעלְלְשַׁאפְט, אוּנ דִי בֵּיידֶע שְׁטֵייגֶער לֶעבֶּענְס, הָאבֶּען זִיךְ ווִידֶער אָפּגֶעשְׁפִּיגֶעלְט אוֹיף דֶעם גֵייסְט, אוֹיפ'ן שֵׂכֶל, וֶועלְכֶער הָאט זַיינֶער־זַייטְס גֶעאַרְבֶּעט צוּ אִיבֶּער מַאכֶען אוּנ אִיבֶּערפָארְמֶעוֶוען זֵיי בֵּיידֶע.

בִּכְדֵי דֶער לֶעזֶער זָאל בֶּעסֶער פַארשְׁטֵיין וָואס מִיר הָאבֶּען דָא גֶעזָאגְט, וֶועלֶען מִיר אִיהם בְּרֶענְגֶען אַ קְלֵיינֶעם בֵּיישְׁפִּיעל.

אִין פִיעל אֶרְטֶער אִין אַזְיֶען, וואו רַייז אִיז דֶער עִיקָר שְׁפַּייז פוּן דִי דָארְטִיגֶע מֶענְשֶׁען אוּנ עֶר וֶוערְט פִיעל גֶעזַייעט, וִוי לְמָשָׁל אִין אִינְדְיֶען, הָאט דֶער מֶענְשׁ נָאךְ פוּן קַדְמוֹן גֶעמוּזְט זוּכֶען קִינסְטְלִי־כֶע מִיטְטֶעל, וִוי אַזוֹי צוּ מַאכֶען פַייכְט דִי עֶרְד אוֹיף וֶועלְכֶע דֶער רַייז וַואקסְט, וַוייל אִין יֶענֶע מְקוֹמוֹת רֶעגֶענְט זֶעהר וֶועניג. מֶען הָאט גֶעמוּזְט צוּ דִי פֶעלְדֶער צוּצִיהֶען וַואסֶער פוּן דִי טַייכֶען, גְרָאבֶּען קַאנַאלֶען, רִינְוֶועס אוּנ גְרָאבֶּענְס וּכְדוֹמֶה. נָאר אַזוֹי וִוי אֵיין מֶענְשׁ אַלֵיין אִיז נִיט אִים שְׁטַאנְד דָאס אַללֶעס צוּ מַאכֶען, דַארוּם הָאבֶּען זִיךְ גֶעמוּזְט פֶערְאֵיינִיגֶען פִיעל מֶענְשֶׁען צוּזַאמֶען, גֶעמַאכְט גְרוֹיסֶע גְרוּפֶּעס (חֶבְרוֹת) אוּנ אַלֶע צוּזַאמֶען הָאבֶּען גֶעהָארֶעוֶועט בַּיי דֶער אַרְבַּייט. אוּנ בִּכְדֵי דִי אַרְבַּייט זָאל זִיךְ פִיהרֶען אִין גֶעהֶעהִיגֶער אָרְדְנוּנְג, אַז יֶעדֶער זָאל אַרְבַּייטֶען ווִיפִיעל עֶר בְּרוֹיךְ אוּנ אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערן זָאל נִיט קְרִיוְודֶען, דִי קַאנַאלֶען מִיט דִי גְרָאבֶּענְס זָאל נִיט קַאלְיֶע וֶוערֶען אוּנ זֵיי אַלֶע זָאלֶען זִיךְ קֶענֶען בֶּענוּטְצֶען מִיט דִי וַואסֶער, — הָאבֶּען זֵיי אוֹיסגֶעקְלִיבֶּען פוּן זִיךְ אֵיינֶעם אַ נ'עֶלטסְטֶען, וָואס זַיין פְּלִיכְט אִיז גֶעוֶוען, צוּ פִיהרֶען אוּנ אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אוֹיף דֶעם גַאנְצֶען עֵסֶק. דֶער

דָאזִיגֶער עֶלְטסְטֶער הָאט גֶעהַאט דָאס רֶעכְט צוּ שַׁאפֶפֶען מִיט דִי מֶענְשֶׁען אִין דֶער אַרבַּייט-צַייט, פָאדֶערן זֵיי זָאלֶען גֶעהן אַרְבַּייטֶען, שְׁטְרָאפֶען דִי וָואס פָאלְגֶען נִיט א. ד. ג. אַלְזָא, וִוי מִיר זֶעהֶען, הָאבֶּען דִי בֶּעדִינְגוּנְגֶען פוּן דֶעם מַאטֶערְיַאלְגֶעם לֶעבֶּען, פוּן דֶער חִיוּנָה פאראֵיינִיגְט מֶענְשֶׁען אִין אַ גַאנְצֶער חֶבְרָה, אִין אַ גֶעזֶעללְשַׁאפְט, וֶועלְכֶע הָאט זִיךְ אַלֵיין אוֹיסגֶעקְלִיבֶּען אַ נ'עֶלטסְטֶען, אַ הֶערְשֶׁער, וָואס הָאט גֶעהַאט דִי דֵעָה אֵין אוֹיף דֶעם מַאטֶערְיַאלְגֶעם עֵסֶק, אִין אוֹיף דִי מֶענְשֶׁען פוּן דֶער גַאנְצֶער חֶבְרָה.

וִוי מִיר הָאבֶּען שׁוֹין פְרִיהֶער גֶעזָאגְט, אִיז דֶער מֶענְשׁ גֶעוֶוען גֶענֵייטִיגְט אוּנ גֶעצְווּאוּנְגֶען צוּ פִיהרֶען אַ שְׁטֶאנְדִיגֶע מִלְחָמָה מִיט דֶער נַאטוּר, בִּכְדֵי עֶר זָאל קֶענֶען עֶקְסֶעסְטִירֶען. בִּיסְלִיכְוַייז הָאט עֶר אַלְץ מֶעהר גוֹבֵר גֶעוֶועזֶען, עֶרוָוארְבֶּען מֶעהר פֶאהִיגְקַייט, מֶעהר גֶענִיטְקַייט, מֶעהר בֶּעקְוֶועמְלִיכְקַייט אִין לֶעבֶּען, אוּנ דָאס אַלֶעם וָואס עֶר הָאט זִיךְ עֶרוָוארְבֶּען רוּפֶען מִיר מִיט דֶעם נָאמֶען „קוּלְטוּר". דֶעם מֶענְשֶׁענְס עֶרשְׁטֶע שְׁרִיט אוֹיף דֶעם וֶועג, זַיינֶע עֶרשְׁטֶע עֶרוֶוערבּוּנְגֶען אוּנ נִצְחוֹנוֹת רוּפֶען מִיר גֶעוֶועהנְלִיךְ מִיט דֶעם נָאמֶען „אוּר-קוּלְטוּר".

עֶס פַארשְׁטֶעהט זִיךְ פָאן זֶעלבּסְט, אַז פִיעל זַאכֶען, וָואס דֶער מֶענְשׁ הָאט עֶרוָוארְבֶּען גָאר גָאר פַארצַייטֶען, אִין קַדְמוֹן, אִין דֶער צַייט פוּן זַיין אוּר-קוּלְטוּר, גֶעפִינְט זִיךְ נָאךְ עַד הַיוֹם בַּיי דִי הֶעכְסְט צִיוִוילִיזִירְטֶע אוּנ אוֹיסגֶעפַיינֶערְטֶע פֶעלְקֶער. עַל כֵּן בֶּעדַארְף מֶען נִיט מֵיינֶען, אַז דָאס פַארצַייטִיגֶע אִיז שׁוֹין אַרִיבֶּער אוֹיף אִימֶער, אֶפגֶעשְׁטָארְבֶּען פַאר אוּנְז אוֹיף עֶבִּיג, נֵיין, זֶעהר אָפְט קוּמְט אוֹיס זִיךְ אִיבֶּערצַייגֶען, אַז פִיעל פַארצַייטִיגֶע זַאכֶען עֶקְסֶעסְטִירֶען נָאךְ בִּיז הַיינְטִיגֶען טָאג, אוּנ זֵיי הִיטֶען זִיךְ בַּיי אוּנְז, מִיט אַ אוּנְגֶעהֵייעֶרֶע קְרַאפְט, זֵיי ווִילֶען גָאר נִיט עָבַר וּבָטֵל וֶוערֶען, הָאטְשִׁי מֶען דַארְף זֵיי שׁוֹין הַיינְט הָאבֶּען אוֹיף כַּפָּרוֹת. דִי אוּרזַאכֶע דֶערפוּן אִיז, וַוייל גֶעוֶואהְנְלִיךְ זַיינֶען אוֹיךְ אָט דִי אַלְטֶע פַארצַייטִיגֶע זַאכֶען אָנְגֶעקוּמֶען אַ מָאל מִיט גְרוֹיס מִיה אוּנ פִיעל נוֹיט-שְׁוֵייס, אוּנ דֶעם מֶענְשֶׁען, וָואס הִיטֶעט בִּיז יֶעדֶער בְּרֶאקֶעלֶע אַלְטְדִינְג וָואס עֶר הָאט אִיבֶּערגֶענוּמֶען פוּן זַיינֶע עֶלְטֶערן, אִיז נִיט אַזוֹי לַייכְט צוּ אָפְּזָאגֶען זִיךְ פוּן דֶער זַאךְ וָואס אִיז גֶעוֶוען נוּטְצְלִיךְ פַאר זַיינֶע טַאטֶעס, הַגַם פַאר אִיהם אַלֵיין זַיינֶען שׁוֹין פַארהַאנְדֶען פִיעל מֶעהר נוּצִיגֶערֶע זַאכֶען, וֶועלְכֶע פַאססֶען

פיעל בעססער צו זיין היינטיגע ארט לעבען. – דא שפיעלט ווידער א גרויסע ראליע די רגילות, די געירשה'טע געוואהנהייט פון די עלטער־עלטערן, און וואס ווייניגער די מענשהייט איז ענטוויקעלט, איז איהר אלץ שווערער צו אפזאגען זיך פון דעם שטייגער לעבען, וועלכען עס האבען געפיהרט די פריהערדיגע דורות...

מיר זעהען פון דעם ארויס, אז דעם מענשענס מלחמה מיט דער נאטור געהט ניט גאנץ רעגעלמעססיג. אמאל געהט זי פאר־ווערטס, דער מענש שטייגט און שטייגט און איז כסדר מנצח, און אמאל ווידער מרעפפען זיך אזאלכע סבות וואס איבערהאקען איהם דעם וועג, ער בלייבט שטעהן און קען ניט ווייטער געהן. מיר געפינען אין דער היסטאריע זאגאר פיעל פאקטען, ווי דער מענש פאלט גאר צוריק און האט א גרויסע מפלה, ווייל ער ווערט פארמאטערט און האט ניט קיין כח אויסהאלטען די שטאנדיגע מלחמה מיט דער נאטור.– דאס אלעס דארף דער לעזער האבען אין זינען און ניט מיינען אז עס איז אין דער ווירקליכקייט געשעהן אות־באות ווי עס איז געשילדערט אין ביבעל.

שרייבענדיג די געשיכטע פון דעם מענשענס קולטור, האבען מיר ניט פאר נאטהיג צו ערצעהלען, וויפיעל צרות דער מענש האט איבערגעלימטען אויף יעדען שריט, וויפיעל מפלות ער האט געהאט איי־דער איהם איז געלונגען אפילו די מינדסטע זאך, ווי למשל מאכען זיך חאטש א ליימענעם טאפעל. יעדער קלענסטער נצחון, קען זיין, איז איהם אנגעקומען מיט געגנוג גרינע ווארים, און געווים איז איהם זעהר אפט אויסגעקומען ארבייטען אומזאנסט, מאכען פינפציג מאל איין זאך און דאס לסוף אוועקווארפען ווייל עס האט ניט געטויגט. גאר דאס אלעס קעהר זיך ניט אן צו דעם וואס שרייבט די געשיכטע פון דער „קולטור" ד"ה פון די נ צ ח ו נ ו ת וואס דער מענש האט איינגענומען און געוואונען אין דער מלחמה מיט דער נאטור, אבער ניט פון זיינע מפלות.

אין אונזער ביבעל וועט אלזא זיין אונזער צוועק, ארויסצוגעפי־נען דעם מארשרוט פון דעם מענשענס ענטוויקלונג אין אלע איהרע הינזיכטען, ד. ה. הן אין מאטעריאלען לעבען, ווי אזוי דער מענש האט זיך געשפייזט און פארזארגט די זאכען וואס זיינען נאטהיג פאר זיין

נוּף , הַן אִין גַייסְטְלִיכֶען אוּנ גֶעזֶעלשַׁאפְטְלִיכֶען לֶעבֶּען . פְרִיהֶער וֶועלֶען מִיר בֶּעטְרַאכְטֶען דֶעם מַאטֶעריַאלִישֶׁען לֶעבֶּען , וַוייל – וִוי מִיר הָאבֶּען שׁוֹין אוֹיבֶּען דֶערְוֶוענְט – עֶר אִיז דֶער פוּנְדַאמֶענְט פוּן דִי צְוֵויי לֶעצְטֶע ; נָאכְדֶעם וֶועלֶען מִיר רֶעדֶען פוּן זֵיי , ד"ה פוּן דֶעם גַייסְטְלִיכֶען אוּנ גֶעזֶעלְשַׁאפְטְלִיכֶען לֶעבֶּען , מִיר וֶועלֶען אָבֶּער זֵיי נִיט אָפְּרַייסֶען אֵיינֶעם פוּן דִי אַנְדֶערֶע , וַוייל זֵיי זַיינֶען פֶּעסְט צוּזַאמֶענְגֶעקְנִיפְּט אוּנ וִוירְקֶען אֵיינֶע אוֹיף דִי אַנְדֶערֶע .



## די מאַטעריאַלישע אומשטעלונג פון דעם אורמענשענס (אמאָליגע) לעבען.

אין אָנפאַנג האָט דער מענש ניט געהאַט קיין שום זאַך, אויסער די, וועלכע די נאַטור אַליין האָט איהם אונפערמיטעלסט געגעבען; מאַכען, בעשאַפען עפּעס האָט ער נאָך נישט געקענט; ער האָט ניט געהאַט ניט קיין קליידער, ניט קיין שפּייז, ניט קיין וואָהנונג. ווי האָט דער מענש דאַמאָלסט, ביי אַ זעלכע אומשטאַנדען געקענט לעבען? עס פערשטעהט זיך, אַז דער מענש האָט דאַמאָלסט געקענט לעבען נאָר דאָרטען, וואו די נאַטור אַליין האָט איהם אָהן מיה געגעבען אַ עססענוואַרג, אַ דירה און וואו מען דאַרף קיין קליידער נישט, ד. ה. אין די וואַרעמע לענדער. אפילו איצטער איז נאָך דאָ אין אַפריקא און אין אַוסטראַליע אַ פּולע שבטים, וואס געהען הויל-נאַקעט. עס פערשטעהט זיך, דאָס קוים האָט מען געקענט אויסקומען אָהן קליידער, האָט דער מענש זעהר לאַנג נאָר נישט געזאָרגט וועגען דעם. עס האָט געקלעקט קאָפּ-דרעהענים אַ חוץ קליידער: מען האָט געדאַרפט פערזאָרגען זיך עפּעס וואָס צו עססען; אויפזוכען מיט וואָס זיך אָפּצוּוואָהרען פון די ווילדע חיות, וועלכע זיינען אין יענע אָרטער דאָ זעהר פיעל.

אום צו בעשיטצען זיך פון די ווילדע חיות, פלעגט דער מענש אַרויפקריכען אויף אַ בוים. ניט זעלטען פלעגט דעם מענשען אויסקומען איבערצונאַכטיגען אויף אַ בוים, ווי עס איז, צורעכט-מאַכענדיג זיך אויף די געדיכטע צווייגען. אויסער די בוימער האָט אפילו דער מענש געהאַט נאָך אַמקום-מנוחה, וואו ער איז געווען כמעט ווי זיכער: ער פלעגט זיך בעהאַלטען אין האָהלען אָדער אין שפּאַלטען פון בערג; נאָר אַזעלכע זיכערע אָרטער זיינען ניט אומעטום דאָ.

מיט וואָס פלעגט זיך ערנאָהרען דער אורמענש? עס איז כמעט אונמעגליך צו זאָגען בעשטימט וואָס איז געוועזן דעם אור-

מע־שענס שפייז. ער פלעגט געוויינטליך עסען אַלץ, וואס האָט נאָך זיין מיינונג געטויגט צום עססען אונ איהם האָט וויי־ג אויסגעמאַכט וויאָס דאָס איז געווען: אַ פלאַנצונג צו אַ חיה'לע, אַ פליעגעלע צו אַ שֶׁרֶץ, אַבי מען קען דאָס עססען אונ שטילען דערמיט דעם הונגער. ער פלעגט עססען פרוכט, ניסס, וואָרצלען פון פערשיעדענע פפלאַנצונגען, נאָר ער פלעגט ניט בראַקירען מיט פליעגעלאַך, וואָרעמלאַך א. ד. ג.; ער פלעגט אויך עססען פראָש (ושאַבעס). אַפילו ווילדע פאָלקער עססען נאָך עד־הֵנָה שפינען, באַבעלאַך אונ פערשיעדענע אַנדערע פליעגעלאַך אונ האַלטען דאָס פאַר די בעסטע געריכט; אַפילו לעקען פשוט די פינגער פון פעלדגרילען אונ היישריקען. אונז קומט דאָס אויס קאָמיש מעהר ניט דערפאַר, וואָס מיר זיינען ניט געוויינט צו דעם, נאָר אַז עס מאַכט זיך אַ הונגער טרעפט אויך ביי אונז אַז מענשען עססען מייז, וואָראָנעס אונ נאָך אַנדערע פאַסקודסטווא. אונ אַזוי ווי דעם אורמענשען פלעגט זעהר אָפט אויסקומען צו ליידען הונגער אונ דערצו דאַרף מען דאָך ניט פערגעסען, אַז דער אורמענש האָט פון בעססערע מאַכלים ניט געוואוסט, איז דער־בער גאַנץ נאַטירליך, וואָס ער האָט ניט געבראַקירט מיט אַזעלכע שפייז, דענן אַנדערש האָט ער ניט געקענט עקסיסטירען, ער וואָלט געשטאָרבען פון הונגער.

פון דעם וואָס מיר האָבען אַייך דערצאָהלט וועגען אורמענ־שענס שפייז, קענען מיר אַרויסזעהן, אז דער אורמענש האָט זיך ניט געקענט בעגנוגענען מיט היילע תּבואה שפייז (געוויקסע); זיין קאָרפּער פאָדערט אַמאָל אויך אַ פליישיגס; דאָס זעהען מיר אַרויס אויך דערפון, וואס מענשען וועלכע עססען אַ לאַנגע צייט נאָר תבואה־שפייז, קענען צום סוף ניט אויסהאַלטען אונ בעקומען אַ גרויסע תאוה צו פלייש. מען דערצאָהלט אַ־נ־אֶמתע מעשה דאָס אַמאָל זיינען אין אַפריקאַ געפאָהרען רייזענדער אונ האָבען עטליכע חדשים געשפייזט זיך מעהר ניט מיט הוילע סוכאַרעס, זיי האָבען אַזוי געגאַרט נאָך פלייש, דאָס דערזעהענדיג אַפּפען (מאַלפּעס) זיינען זיי מיט ווילדקייט ווי פון אַ באָזע חיה אָנגעפאַ־ען אויף זיי אונ געפרעססען זיי מיט גרויס חשק. אונ בכלל האָט מען ניט

נעטראָפֿען ניט איין ווילדע פֿאָלק. וועלכע זאָלל זיך ערנאָהרען מיט הוילע געוויקסע. עס קען גרייליך זיין דאָס איבער דעם מענשענס תאוה צו פֿלייש איז אַרויס געקומען די מענשענפֿרעססעריי. דער אורמענש האָט געקענט ערפֿיללען זיין תאוה צו פֿלייש מיט'ן חאַפּען קליינינקע בריה'לאך: ער פֿלעגט אָדער אויסזויגען פֿון זיי דאָס בלוט, אָדער אויפֿעססען זיי אין גאַנצען רויהערהייט.

עס פֿערשטעהט זיך, דאָס דער מענש, ערנאָהרענדיג זיך אויף אַזאַ-נ-אופֿן, האָט ניט געקענט האָבען קיין בעשטאָנדיגע דירה; ער האָט געמוזט שטענדיג אַרומשלעפּען זיך, זוכענדיג שפּייז, אונ אַ בעשטאָנדינער וואָהנאָרט האָט איהם געקענט מעהר ניט ווי שטערען. אונ בכלל איז איהם גאר אין זינגען ניט אַריין קלעהרען וועגען אַ בעשטאָנדיגען וואָהנאָרט, דענן אַזאַ מין געדאַנקען האָט זיך נאָר דאַן געקענט געפֿינען ביין מענשען ווען ער האָט שוין געהאַט אַ בעשטאָנדיגען אונ אַ בעשטיממטען מָקור אויף חִיוּנָה: אָבער אין דער צייט וועגען וועלכער מיר ריידען דאָ, האָט דאָס דער מענש נאָך ניט געהאַט.

דעם אורמענשענס בעקומען לעבענסמיטעל האָט איהם געבראַכט דערצו, דאס ער האָט אָ געהייבען צו בעטראַכטען די נאַטור. ער פֿלעגט בעמערקען, וואו ער פֿלעגט אָפֿטער געפֿינען וואָסערע עס איז נוטציגע פֿרוכט, וואָרצלען; ער פֿלעגט זיך איי צייכענען אויף וועלכע געוויקסע עס פֿיהרט זיך די אדער יענע פֿליעגעלאַך, וועלכע ער פֿלעגט עססען. אַ חוץ דעם פֿלעגט ער זיך איינצייכענען אין וועלכע צ י י ט ער פֿלעגט געפֿינען די אָדער יענע עססענוואַרג. אַרומשלעפּענדינ זיך אָט אַזוי פֿון איין אָרט אויפ'ן אַנדערען, האט זיך דער מענש איינגעפיהרט אַ בעשטימטען לעבענסאַרט. עס פֿלעגט אָנקומען די צייט, ווען עס פֿלעגט פֿאַרטיג ווערען די פֿרוכט, פֿלעגט ער זיך אַריבערגעהן אין יענע אָרטער, וואו ער פֿלעגט אין די פֿריהערדיגע יאָהרען געפֿינען די שפּייז, אונ אויף אַזאַ-נ-אופֿן פֿלעגט דער מענש, פּונקט ווי די זוממער פֿאָגעל, שטאָנדיג אַרומאַנדערען פֿון איין אָרט אויפ'ן צווייטען.

עס איז לייכט זיך פֿאָרצושטעלען ווי פֿיל שטערונגען דער

מענש פֿלעגט בעגעגענען, ערװערבענדיג זיך אויף אַזאַ-נ-אופן זיין חיונה. דאָס איז די פּרוכֿט געהאַנגען צו הויך. דאָס זיינען די װאָרצלען געלעגען צו טיעף אין די ערד, דאָס קוים מיט צרות מען האָט זיי געקענט אַרויסקריגען פֿון דאָרטען, די ניסס פֿלעגט ער אויך ניט אלע מאָל קענען צוקנאַקען מיט די צאָהנער. דעם מענשענס אייגענע אברים האָבען אַלזאָ ניט געקענט אויספֿיהרען אַלע אַרבייט, װעלכֿע דער אורמענש האָט געדאַרפֿט, אונ ער האָט געמוזט אָנקומען צו געצייג. קיין געצייג האָט ער ניט געקענט אונ ניט געװאוסט װי צו מאַכֿען, פֿלעגט ער דעריבער מוזען בענוטצען זיך מיט די געצייג, װעלכֿע מען קען געפֿינען אין דער נאַטור פֿאַרטיגע. אַזעלכֿע געצייג זיינען געװען שטיינער אונ פֿלאָקער. מיט אַ פֿלאָקען פֿלעגט ער קענען אַראָברייסען אַ פרי, װעלכֿע איז געהאַנגען צו הויך אונ ער האָט ניט געקענט דערגרייכֿען מיט׳ן האַנד; מיט אַ שטיין האָט ער געקענט צו-שפּאַלטען די האַרטסטע נוסס; מיט אַ שפּיטציגען פֿלאָקען האָט ער געקענט פֿונאַנדער גראָבען די ערד אונ לייכֿטער בעקומען פֿון דאָרטען אַ געשמאַקען װאָרצעל. די פּראַקטיקע האָט באַלד דער-װיזען װאָס פֿאַר אַ-נ-אויסזעהן עס דאַרף האָבען דער פֿלאָקען, אַ שטיין פֿלעגט מען אויסזוכען אַזאַ, װאָס זאָלל בעססער טויגען צו דער אַרבייט. אָט די איינפֿאַכֿע געצייג בענוטצט דער אורמענש אונ הויבט אָן צו צופּאַסען זיי צו אַלע פֿערשידענע אַרבייט, װעלכֿע איהם פֿלעגט שטענדיג אויסקומען צו טאָהן. בעמערקענדיג, אַז מיט איין שטיין קען מען צוברעכֿען דעם אַנדערען, האָט דער מענש אָנגעהויבען צו טשעסען שטיינער אונ צו געבען זיי אַזאַ פֿאָרמע, װעלכֿע איז געװען, נאָך זיין מיינונג, נאָטהיג אונ בעסער צו דער אַרבייט (זעה פֿיגור 1.*). אַז ער האָט געדאַרפֿט שניידען מיט אַ שטיין, פֿלעגט ער איהם טשעסענדיג מאַכֿען שאַרף; אַז ער האָט געדאַרפֿט בויערען מיט אַ שטיין, פֿלעגט ער איהם אַרום שפּיצען. די אַלע געצייג פֿלעגט מען געװיינטליך מאַכֿען פֿון פֿייער שטיינער, װיילע זיי שפּאַלטען זיך לייכֿט אויף אַלערליי שטיקער. אַזעלכֿע

*) דיא פֿיגורען (ריסונקעס) געפֿינען זיך בעזונדער געדרוקט אין ענדע ביכֿעל.

שמיינערנע געצייג געברויכען נאך ער היום אפּוּלע ווילדע שבטים, אונ עס איז ניטא ניט איין מדינה, וואו מען זאל ניט געפינען אלטע שטיינערנע געצייג. אויך ביי אונז אין רוססלאנד געפינט מען אומעטום אזעלכע שטיינערנע געצייג, דאס דערוויזט אונז, אז אויך די רוססען האבען גאר-פאר־צייטען גענוצט שטיינערנע געצייג. דער פּראָסטער המון גלויבט, אז די שטיינער האבען א הייל-קראפט, ד. ה. אז מען קען מיט זיי אויסהיילען פערשידענע קראנקהייטען, אונ ער מיינט אז זיי פאלען אראב בעת עס דונערט. דער רוססישער המון רופט זיי דעריבער „דעם דונערס פיילען".

ווייטער, דער מענש, ווילענדיג האבען אזא געצייג, מיט וועלכען ער זאלל קענען געבען א שטארקען קלאפּ, איז ער געפאלען אויף די המצאה צוזאמענצובינדען א שטיין מיט א פלאקען, אזא געוואהר איז אויך געווען א סך בעקוועמער צו האלטען אין האנד. דעם שטיין פלעגט מען צופאסען צום פלאקען אונ צוזאממענבינדען מיט וואס עס איז פאר א פארעמדיגע געוויקס (קאנאפּלעס, קראפּיווע אונ אנדערע) אדער מיט קארע פון וואסערען עס איז פאר א בוים (לוב). פון אזא צוזאמענגעבונדענעם שטיין מיט א שטעקען פלעגט זיך בעקומען אדער אהאמער, אויב דער שטיין איז געווען א טעמפּיגער, אדער א האק, אויב דער שטיין איז געווען א שארפער. אפט פלעגט די זעלביגע געצייג דיענען אי אלם א האממער, אי אלם א האק. (זעה פיגור 2).

נאך דעם האט מען אנגעהויבען אויסצובעסערען אויך די געצייג, מיט וועלכע מען פלעגט ארויסגראבען פון דער ערד ווארצלען. די געצייג איז בעשטאנען פון א שטעקען מיט א-נ-איינגעבויגענעם שפּיציגען ברעג, מיט וועלכען מען האט געקענט פונאנדער גראבען די ערד. איצטער האט מען אנגעהויבען צוצובינדען אלאנגלעכדיגען אונ א שפּיציגען שטיין צו דעם אויסגעבויגענעם ברעג. עס פערשטעהט זיך, אז מיט דער געצייג איז געווען בעססער צו ארבייטען; א חוץ דעם איז דאס געווען דויערהאפטיגער אונ עס פלעגט זיך ניט צערשפּליטערען אזוי גיך ווי האלץ.

איצטער איז שוין דער מענש געווען געגוג בעוואָפֿענט, דאָס ער האָט שוין געקענט אָנהייבען צו שטרייטען אויך מיט אַזעלכע חיות, מיט וועלכע ער האָט פֿאַר דעם ניט געקענט שטרייטען; איצטער האָט ער שוין געקענט צוהרג'ענען אויך אַזעלכע שטאַרקע חיות, מיט וועלכע ער האָט פֿאַר דעם מורא מורא געהאַט צו טשעפּען זיך. איצטער הויבט דער מענש זיך אָן צו בעשעֶפֿטיגען מיט דער יאַגד (פֿאָלעוואַניע) און אויסצו-טראַכטען פֿערשיעדענע געוואֶהר, מיט וועלכע מען זאָלל קענען טוידטען אַ חיה אויף אַ רעכטען שֶטַח ווייט פֿון זיך. ער פּאַסט צו צו אַ פֿלאָקען אַ שטיין, בינדט זיי צוזאַמען און בעקומט אויף אַזא-נ-אופן אַ שפּיז, וועלכען ער דאַרף מעהר ניט מיט איספעט אַ וואָרף טאָהן, כדי אָנצוטרעפֿען און צו הרג'נען אַ חיה.

אַזוי ווי דער מענש האָט ניט אַלע מאָל געקענט דערלאַנגען מיט'ן האַנד אַזאַ שטאַרקען קלאַפּ, ווי עס האָט זיך געפֿאָדערט, דעריבער האָט דער מענש שטענדיג געקלעהרט ווי צו פֿערשטאַר-קען דעם קלאַפּ. לכתחילה האָט ער אויסגעקלעהרט אַ בעזונדערען געוואֶהר צום וואַרפֿען, אַ שליידער-האָלץ; דאָס איז בעשטאַנען פֿון אַ שטעקען, אין וועלכען איין ברעג איז געווען איינגעשפּאָלטען; אין שפּאַלט פֿלעגט מען אריינשטעלען אַ ברעג שפּיז, און נאָך דעם בְעֵת וואַרפֿען פֿלעגט דער שטעקען אַזוי ווי אונטערטרייבען דעם שפּיז און דערמיט אַ פֿולע פֿערשטאַרקען דעם קלאַפּ. צו דעם איינענעם ציעל פֿלעגט דער מענש בענוטצען זיך אויך מיט שטריק, וועלכער ער פלעגט פֿערפֿאַרטיגען פֿון פּאֶדעמדיגע געוויקסע, נאָר די קינסטיגסטע המצאה איז געווען דער „פייל און בויגען" (זעה פֿיגור 3). דאָס איז אויך אַזא מין געצייג צום וואַרפֿען אַ שפּיז, מעהר נישט איצטער האָט מען אָנגעהויבען צו ניטצען אַ קירצערען שפּיז און מען האָט דאָס גערופֿען מיט אַ-נ-אַנדער נאָמען — פֿייל. אַ בויגען בעשטעהט פֿון אַ-נ-אויסגעבויגענע ווייכע וויצקע, למשל, פֿון אַ טראָסט (ראָהר-שטעקעל); דיא ברעגעס פֿון דער וויצקע זיינען צוזאַממענגעצויגען מיט אַ שנירל. די שנירל קומט דעריבער אויס פֿעסט אָנגעצויגען, דעם פֿייל לייגט מען מיט'ן טעמפּיגען 'ט צום שנירל און צוהאַלטענדיג מיט איין האַנד די וויצקע,

ציהט מען מיט דער אַנדערע האַנד אָן דעם פֿייל מיט די שנירל, נאָך דעם אז מען לאָזט אָב די שנירל, לאָזען זיך ביידע ברעגעס פֿונאַנדער, די שנירל שפּרינגט אָב אונ גיט מיט גרויס אימפּעט זוייט אַ וואָרף דעם פֿייל.

אין דער הַמְצָאָה פֿון דעם פֿייל-אונ-בויגען ליעגט פֿיעל פּראַקטיקע אונ גרויס חכמה, וועלכע זיינען אָנגעקומען דעם אור-מענשען מיט גרויס מאַטערנים. אום צו קענען מאַכען אַ פֿייל-אונ-בויגען, האָט דער מענש פֿריהער געמוזט בעמערקען, אַז צווייגלאַך האָבען אַ טבע פֿונאַנדער צו בייגען זיך נאָך דעם ווי מען בייגט זיי צוזאַמען. נאָר דאָס אַליין איז נאָך געווען ווייניג: ער האָט נאָך געמוזט די בעזונדערע חלקים פֿעראייניגען אין איין געצייג, וואָס אין דער נאַטור האָט דער מענש דאָסגלייכען ניט געזעהן. דאָ האָט זיך שוין בעוויזען דעם מענשענס ערפֿינדליכער שכל, זיין פֿעהיגקייט אויסצוטראַכטען אונ בעשאַפֿען נייעס.

יעדער בעזונדערע טהייל פֿון פֿייל-אונ-בויגען בעווייזט די גרויסע ערפֿאַהרונג פֿון מענשען, אונ דאָס צוזאַממענשטעלען די אַלע טהיילען אין איין געצייג בעווייזט, אַז דעם מענשענס שכל האָט שוין אַפּילע געקלעהרט איבער אַלעס, וואָס ער האָט בעמערקט; עס בעווייזט, אַז דער מענש האָט שוין געקענט בע-מערקען אייניגע פֿהיזישע אייגענשאַפֿטען פֿון פֿערשידענע קער-פּער; ביז אַהער פֿלעגט דער מענש מעהר נישט נאָכמאַכען די בעסערע געצייג, וועלכע ער פֿלעגט געפֿינען פֿאַרטיגע אין דער נאַטור; בענוטצענדיג זיך מיט די אַלע ידיעות אונ פּראַקטיקע, האָט דער מענש געמאַכט גאָר אַ נייע געצייג. דער פֿייל-אונ-בויגען איז שוין געווען אַזאַ פֿאָלקאָמענעס אונ בעקוועמעס געוועהר דאָס קיין בעססערע האָט מען שוין גאָר ניט געדאַרפֿט אונ מען האָט ניט געזוכט, אונ מעהר ניט די פֿייערשיסענדע געוועהר האָבען איהם געקענט פֿערבייטען אונ אַרויסברייגגען פֿון מאָדע.

אמה, דער פֿייל-אונ-בויגען איז שוין גאָר אַ שפּעטערדיגע ערפֿינדונג, נאר מיר האָבען וועגען איהם גערערט איצטער, כדי צו ענדיגען אונזער שמועס וועגען דעם מין געצייג. בכלל ריידענ-דיג, קענען מיר מעהר ניט וויסען ריכטיג די היסטאָריע פֿון יעדער

איינציגען געצייג בעזונדער. ד"ה מיר קענען וויסען וואָס פֿאַר אַ געצייג מענשען האָבען גענוצט איידער זיי האָבען געהאַט דעם אָדער יענעם געצייג אונ וואָס פֿאַר אַ געצייג זיי האָבען אָנגעהויבען נוצען נאָך דעם; אָבער מיר קענען בשום אופן ניט וויסען די צייט, ווען מען האָט גענוצט די אָדער יענע געצייג. מיר קענען ניט בעשטימען וועלכע געצייג האָט דער מענש גענוצט אין דער אָדער אין יענער עפּאָכע פֿון זיין לעבען, מיר קענען דאָס ניט ריכטיג וויסען דערפֿאַר, ווייל אין דערזעלביגער צייט ווערען גענוצט פֿערשיעדענע געצייג; געוויינטליך געפֿינען מיר, דאָס חאָטשי עס איז שוין ערפֿונדען אַ נייער מיטעל, נייע געצייג, פֿון דעסטוועגען נוצט נאָך דער עולם אויך די אַלטע געצייג, — נאַטירליך וויינגער ווי פֿאַרדעם. דעריבער קומט נאַטירליך אויס צו ריידען וועגען די געצייג, וואָס געהערען צו פֿערשיעדענע צייטען, מעהר נישט צו בעווייזען זייער ענטוויקלונג, צו בעווייזען וויא אזוי פֿון איין פֿאָרמע געצייג קומט אַרויס אַ-נ-אַנדערע, אַ בעססערע, וועלכע טויג בעססער צו דער אָדער יענע אַרבייט. אַלזאָ קענען מיר מעהר נישט וויסען בְּעֶרֶך דעם סֵדֶר פֿון דעם מענשענס ערפֿינדונגען.

אַזוי ווי דער אורמענש פֿלעגט זיך ערנאָהרען מיט פֿערשיעדענע טהיילען (מיט די וואָרצלען, פּרוּת אונ ד. ג.) פֿון אַפּולע געוויקסע, האָט ער דעריבער אָנגעהויבען צו בעמערקען דעם לעבען פֿון די געוויקסע. אונ אויף אַזאַ-נ-אופן האָט ער לייכט געקענט בעמערקען, דאָס אויף דעם אָרט, וואו עס פֿאַלט אַראָב אַ קאָרנ'דל, וואַקסט אַרויס אין איניגע צייט אַרום אַנדערע, פּונקט אַזעלכענע קאָרנדלעך ווי דער, וועלכער עס איז אַראָבגעפֿאַלען. דער מענש האָט דאָס געקענט פֿיעל מאָל זעהן אונ דאָך איז ער ניט געפֿאַלען אויף די המצאָה בכיון איבערצולאָזען אביסעל קאָרנער, כדי צו בעקומען נאָכדעם פֿון די אויסגעוואַקסענע מעהרער, וויפֿיל ער האָט פֿערזייעט. אונ אַגב איז טאַקי גאָר אונמעגליך געוועזען צו קלעהרען וועגען דעם. ערשטענס, האָט דער אורמענש, ווייל ער האָט שטענדיג געהאַט ווייניג עססענוואַרג, זעהר געקאַרגט אונ געשזאַלעוועט אין ניוועץ צו ברייננגען

אפילו א׳ין קאָרנ׳דל. אמת, מיט דער צ ט ו ע י ג ון דעם איין קאָרנ׳דל ווערען אַפּולע, אָבער דער אורם ..ש האָט ניט געקענט זיין קיין שפּעקוליאַנט. אַ הוץ דעם, ווען ער וואָלט שוין אפילו געוואָלט שפּעקולירען מיט אַ ביסעל קאָרנער, האָט דאָס איהם און ניט געלוינט, דען, אַרומשלעפּענדיג זיך פון איין אָרט אויפ׳ן אנדערען, האָט ער ניט געקענט האָפען, אז ער וועט אַליין שניידען, וואָס ער וועט איצטער פערזייען.

נאר אַלץ קָשה, ווי-שזע איז פאָרט דער מענש געפאַלען אויף די המצאה צו פערזייען, כדי נאָכדעם אַראָבצונעהמען מעהרער? ערשטענס, האָט דער אורמענש די ערשטע פּראָבע געמוזט מאַכען מסתמא מיט אזעלכע קאָרנער, וועלכע ער האָט געהאַט אַפּולע און האָט ניט געדאַרפט שזאַלעווען אַ הויפּעל זְרִיעָה. אַ חוץ דעם, האָט דער אורמענש געמוזט זייען אַ פריהער אַ-נ-איין-יאָהריגע פפלאַנצונג, וואָרום אויף אַפּיעל-יאָהריגע פפלאנצונג וואָלט איהם געוועון צו לאַנג צו וואַרטען, און דער מענש האָט דאָס געקענט בעמערקען מעהר גישט דאַן, אז ער האָט שוין געלעבט בעשטאָנדיג אויף איין אָרט.

אַזעלכע תבואות האָט דער מענש געקענט געפינען אַפּולע. אין אַמעריקאַ פלעגט מען זייען ק ו ק ו ר י ז אַ (טערקישע ווייץ). דער מין תבואָה געראָטה זעהר: אויף יעדער שטענגעל, וועלכער וואַקסט אַרויס פון איין קאָרן, געפינט זיך עטליכע קאָפּעלאך (שישקעס), וועלכע זיינען אָנגעפּיקעוועט מיט גרויסע קאָרנער. אין דָרום-אַזיע איז אויך פאַראַן אַזאַ מין געוויקס — דאָס איז ר י י ז, וועלכע ביי גוטע אומשטאָנדען געראָטה זעהר גוט און פערמעהרט זיך זעהר פיעל מאָל.

אַז דער מענש איז געקומען אין די קאַלטע אָרטער, האָט ער שוין ניט געקענט מעהר בעאַרבייטען די זעלביגע געוויקסע, וועלכע ער פלעגט בעאַרבייטען אין די וואַרעמע מקומות; נאָר דערפאַר האָט ער דאָ געפונען אַנדערע געוויקסע און ער האָט אָנגעהויבען אויף זיי אויסצופּרובען זיינע פריהערדיגע פּראַקטיקע, ער האָט אָנגעהויבען צו זייען די נייע געוויקסע, די פּראָבע האָט זיך איינגעגעבען; די פערזייעטע קאָרנער האָבען אַרויסגע-

שפּראָצט, זיינען אויסגעוואַקסען און דער מענש האָט אָראָבגענומען אַפּילע מעהרער, וויפֿיל ער האָט פֿערזייעט. שפּעטער, זייענדיג זיכער אַז ער וועט אַראָבנעהמען די פֿערזייעטע מיט רֶוַח, האָט דער מענש אָנגעהויבען צו זייען אַלץ מעהרער און מעהרער. הירז איז איינע פֿון די גאָר-גאָר פֿערצייטיגע תבואות און אמאָל איז זי געווען אום-עט-אום זעהר בעוואוסט. אַ סך אַפֿריקאַנער פֿעלקער זייען נאָך עד-היום אַפּילע פֿערשיעדענע מינים פֿון די תבואה. עס איז פֿאַראַנען אַפּילע רַאֲיוֹת, וועלכע בעווייזען, אַז אויך ביי די אייראָפּעער איז אַמאָל געווען הירז דער עיקר שפּייז.

נאָך דעם האָט מען אָנגעהויבען צו בעאַרבייטען גערשטען, ווייץ און קאָרן. די אַללע מינים תבואה פֿלעגט מען געוויינטליך זייען נאָר אין יענע אָרטער, וואו זיי וואַקסען לייכט, פּונקט ווי עס קומט פֿאָר אין דער איצטיגער צייט, דאָס מען זייעט יעדער זאַך אין דעם אָרט, וואו עס געראָטה בעססער.

מיט דער צייט האָט דער מענש בעמערקט, דאָס אַז מען מאַכט די ערד אַ ביסעל ווייכער און נאָכדעם וואַרפֿט מען דאָרטען אַריין די קאָרנער, וואַקסען די אַלע מינים תבואה אַ סך בעססער, דאָ האָט אָנגעהויבען דער מענש צו בענוטצען די זעלביגע געצייג, מיט וועלכע ער פֿלעגט אַמאָל אַרויסגראָבען פֿון דער ערד וואָרצלען. נאָר אַזוי ווי איצטער האָט דאָס גענוטצט אַסך אַ קליגערער און אַ סך אַ פּראַקטישערער מענש, פֿערשטעהט זיך, אַז ער האָט דעם זעלביגען געצייג אויכגעבעססערט. מען פֿלעגט מאַכען אַ לאָנגערע האָנדטיל, אויב מען האט געדאַרפֿט; אַז מען האָט געוואָלט אויסגראָבען טיעפֿער פֿלעגט מען דעם אויכגעבויגענעם שפּיטץ מאַכען גראָססער, דאָס איז אַלץ געווען אין אָנהייב, אָבער נאָך דעם, אַז מען האָט שוין אָנגעהויבען צו זייען אַ סך תבואָה, איז שוין געווען שווער צו באַגעהן זיך מיט דעם געצייג און פֿאַר יעדער קאָרנ׳דל גראָבען אַ בעזונדערע גריבעלע און מען איז געפֿאַלען אויף די המצאה אויסצוגראָבען מיט אַמאָל אַ לאַנגע זואַגע, אין וועלכע מען קען מיט אַמאָל פֿערזייען אַפּילע קאָרנער. שפּעטער צו האָט זיך פֿון דעם זעלביגען געצייג ענטוויקעלט אַ סאָכע, וועלכע איז געווען אַנדערש אין פֿערשיעדענע אָרטער.

נאָכ'ן אָרט און נאָך די נאָטהינקייט. גאָר צום סוף האָט זיך דער־פֿון אַנטוויקעלט אַ פּפלוג. עס פֿערשטעהט זיך, אַז דאָס איז שוין גאָר אַ שפּעטערדיגע ערפֿינדונג, וואָרום מיט אַ־נ־אַקער־אייזען קען מען זיך מעהר ניט דאַן בענוטצען, אַז מען האָט שוין הויז־ליבע בהמות און מען בענוטצט זיי צו פֿעלד־אַרבייט.

דאָס בעשעפֿטיגען זיך מיט זייען און פּפלאַנצען פֿערשיעדענע תּבואות איז, פֿערשטעהט זיך, מתחייב, אז דער מענש האָט שוין אַ ר.לבטע צייט געוואָהנט אויף איין בעשטימטען אָרט. מיר האָבען שוין פֿריער געזאָגט, דאָס אַרום וואַנדערענדיג פֿון איין אָרט אויפֿ'ן אַנדערען זוכענדיג שפּייז, פֿלעגט דער מענש איינציכענען זיך דעם אָרט און די צייט, וואו און ווען ער פֿלעגט געפֿינען די אָדער יענע עסטענוואַרג.. און אז עס פֿלעגט קומען די צייט, ווען עס ווערט פֿאַרטיג די פּרות פֿלעגט ער אַוועקגעהן אַהין; נאָך דעם פֿלעגט ער זיך אַריבערגעהן אין אַ־נ־אַנדער אָרט און אַזוי כסדר, און אויף אַזאַ־נ־אופֿן האָט זיך בעשטימט דער שטח, אין וועלכען דער מענש פֿלעגט אַרומוואַנדערען הין און צוריק. איצטער אָבער האָט ער שוין געמוזט זיטצען אויף איין אָרט, לכל הפּחות, ביז עס פֿלעגט פֿאַרטיג ווערען די פֿערזייעטע תּבואה. עס פֿערשטעהט זיך, אַז ער האָט געקענט אַ מאָל איבערגעהן פֿון איין אָרט אויפֿ'ן אַנדערען, ווען ער האט דעם לעצטען געפֿונען פֿאַר נוטציגער, און אַמאָל פֿלעגט ער טאקי גאָר ניט ווילענדיג מוזען בייטען זיין וואָהנאָרט, דהיינו אויב די ערד איז נאָך עטליכע מאָל זייען אויסגעמאָגערט געוואָרען, אַז מען האָט אויף איהר מעהר ניט געקאָנט זייען.

מיר האָבען שוין פֿריער גערעדט וועגען דעם, אַז דער מענש קען ניט אויסקומען אָהן פֿלייש־שפּייז. פֿערשיעדענע פֿרוכטען און אַנדערע תּבואה־שפּייז האָט ער געקענט בעקומען, ניט האָ־בענדיג אפילו קיין שום געצייג; אָבער פֿלייש האָט ער געקענט בעקומען מעהר נישט, ווי דורך פּאָלעוואַניע, וועלכע עס איז אונמעגליך געווען פֿאַר'ן מענשען צו פֿיהרען ניט האָבענדיג קיין שום געוועהר. אמת, אַזעלכע לעבעדיגע זאַכען, ווי, למשל, זואָרם, פֿליענלאַך און ד. ג. האָט דער מע.ש געקענט בעקומען,

אָהן געוועהר אויך, אָבער מיר ריידען וועגען פֿלייש פֿון וואַרעם-בלוטיגע, מילכֿזויגענדע חיות און פֿויגלען.

געהן אויף פּאָלעוואַניע איז געווען אַ גרויסע קאָפּדרעהעניש און זעהר אַ שווערע אַרבייט, בעזאָנדערס, איידער עס איז נאָך געווען פֿאָלקאָממע געוועהר, ווי, למשל, דער פֿייל-און-בויגען. עס פֿערשטעהט זיך, אַז די ווייבער האָבען ניט געקענט נעהמען קיין אַנטהייל אין דער אַרבייט; זיי האָבען געדאַרפֿט מיטנעהמען און קאָרמענען די קינדער, און דאָס וואָלט אַפּולע געשטערט צו דער אַרבייט. די ווייבער האָבען אַלזאָ געמוזט בעגנוגענען זיך מעהר ניט מיט תּבואָה-שפּייז, וועהרענד די מאַננסלייט האָבען שוין געקענט בעקומען אַנדערע שפּייז אויך. ביי אייניגע ווילדע שבטים טאָרען דעריבער טאָקי די ווייבער ניט עססען קיין פֿלייש. אַזוי ווי די ווייבער פֿלעגען מעהר פֿאַר די מאַננסלייט זוכען תּבואָה-שפּייז און דעריבער, פֿערשטעהט זיך, זיינען זיי מעהר געווען בעקאַנט מיט די געוויקסע, קען גרייליך זיין, אַז זיי זיינען דאָס געפֿאַלען אויף די המצאה צו פֿערזייען קאָרנער, כדי עס זאָלל אַרויס וואַקסען מעהרער. וְהָא רַאֲיָה, ביי אַפּולע פֿעלקער איז טאָקי ערד-אַרבייט — אַ ווייבערשער עסק.

די ווייבער האָבען אַלזאָ געפֿונען אַ מיטעל, ווי צו בעקומען מיט וויינינגער פּראַצע מעהרער תּבואָה; די מאַננסלייט פֿלעגען נעהמען ביי די ווייבער אַ טהייל פֿון זייערע תּבואה און דערפֿאַר פֿלעגען זיי זיי געבען אַ טהייל פֿון זייערע יאַגד-רויב.

ביידע צְדָדִים אי די ווייבער, אי די מאַננסלייט האבען שוין אויף אַזאַ-נ-אופֿן געהאַט זייערע נייטיגסטע שפּייז און דעריבער האָבען זיך איצטער די מאַננסלייט נאָך מעהרער געקענט איבער-געבען זייער בעשאֶפֿטיגונג — דער פּאָלעוואַניע. די יאַגד-רויב איז דאָך ניט קיין בעשטאֶנדיגער, געוויסער מקור אויף חיונה: אַמאָל גילט עס און מען האַפּט צו פֿיעל און אַמאָל קומט אויס צו קומען אהיים גאָר מיט ליידיגע האֶנד — אָט דאָ פֿלעגט שוין דורכ-טראָגען די תּבואָה-שפּייז, וועלכע די ווייבער פֿלעגען ערווערבען. אַחוץ דעם קומט אָפֿט אויס צו זיין אַלאַנגע צייט אין וואַלד און ווען דער מענש וואָלט ניט געהאַט מיטצונעהמען מיט זיך

עפּעס עסטענוואַרג, וואָלט איהם אויסגעקומען צו הונגערן• וואָרום ניט אַלע מאָל קען מען געפינען אין וואַלד וואָס צו עסטען• איצטער אָבער האָט ער זיך געקענט אָנגרייטען וואָס צו עסטען אונ דאָס האָט אַפילו פערגרינגערט דעם מענשען די פּאָלעזוואַניע• אויף אַזאַ-נ-אופן איז צוטהיילט געוואָרען די אַרבייט אין דער בַעלֵי-בַתִּישקייט צווישען מאַננער אונ פרויען•

די קאָרנער פון פערשיעדענע געוויקסע וועלכע זיינען איצטער געווען דעם מענשענס עיקר אכילה, זיינען אָפּט געווען בעדעקט מיט אַ האַרטען שאָלעכץ, ווי, למשל, האָבער; אַנדערע קאָרנער זיינען אפילו ניט בעדעקט מיט קיין האַרטען שאָלעכץ, אָבער זיי זיינען אין גאַנצען זעהר האַרט, דאָס עס איז זיי זעהר שווער צו צוקייען• כּדי אַראָבצושיילען די שאָלעכץ אונ צוברעקלען די קאָרנער האָט דער מענש אָנגעהויבען צו ניטצען שטיינער, אָדער ער פלעגט שטויסען די קאָרנער מיט איין שטיין, אָדער ער פלעגט אַריינלייגען די קאָרנער צווישען צוויי שטיינער אונ צורייבען זיי• דאס איז געווען די ערשטע מיהל, וועלכע דער אורמענש האָט אָנגעהויבען צו ניטצען, דערנאָך האָט מען דיזעל-ביגע מיהל אויסגעבעסערט; דער אונטערשטער שטיין פלעגט לינען אויף אַ-נ-אָרט אונ מעהר נישט דעם אויבערשטען שטיין פלעגט מען דרעהען אונ אויף אַזאַ-נ-אופן האָט זיך בעקומען אַ האַנד-מיהל•

פון דעם אַרט האַנד-מיהלען האָבען שוין די גריכען גע-וואוסט מיט האָבער 3000 יאָהר צוריק, אונ עס קען גרייליך זיין אַז נאָך פריהער•

די אויף אַזאַ-נ-אופן פּערפּאַרטיגטע מעהל פלעגט מען עססען אָדער טרוקענע, אָדער מען פלעגט דאָס צומישען מיט וואַססער, אויב עס איז געווען צו טרוקען• אַ מאָל פלעגט מען די קאַשקע צורעכט מאַכען מיט עפּעס וואָס זיסע, למשל מיט די זאַפט פון אַ צו-קער-טראָסטניק• איצטער האָט שוין דעם מענשען, אום ער זאָלל קענען באַקען ברויט, געפעהלט מעהר ניט ער זאַלל וויסען די בענוטצונג פון פייער•

צ־רייבענדיג קאָר:ער צווישען צוויי שטיינער, האָט דער

מענש געקענט לייכט בעמערקען, אז די שטיינער גופא רייבען זיך אויף פון דעם אב און שייערען זיך ארום. דא איז שוין ניט שווער געווען צו פאלען אויפ'ן פלאן, אז מען קען מיט א שטיין אבּרייבען די בארגלאך, די שארסטיקייט פון א-נ-אנדער שטיין און אויף אזא נ-אופן פאלירען איהם.

איצטער הויבט מען ש'ין אן ארומצושלייפען די פריהערדיגע שטיינערנע געציינ און מען האט זיך אפילו אויסגעלעהרענט אויס-צובויערען אין שטיינער לאבער, וואו אריינצושטעלען א האנדט'ל, און דאס איז אויך ניט געווען שווער צו דערגעהן; די האנד-מיהל האט אויך דא' אויסגעהאלפען: אין דעם אונטערשטען שטיין פלעגט בלייבען גריבעלאך, וועלכע פלעגען זיך אויסבויערען פון דעם דרעהען אויף איהם דעם אויבערסטען שטיין, אויב דער לעצטער האט געהאט אויף זיך פוקעלאך. אט אויף אזא נ-אופן האבען זיך מענשען אויסגעלעהרענט צו בויערען מיט א שפיטציגען שטיין.

אזעלכע געפאלירטע און דורכגעבויערטע שטיינערנע געציינ, געפינט מען אויך זעהר פיעל אום-עט-אום.

די צייט, ווען מענשען האבען געניטצט שטיינערנע געציינ, רופט מען „די שטיינערנע צייט". זי ווערט געטהיילט אויף צוויי טהיילען; די צייט פון פראסט געהאקטע שטיינער און די צייט פון געפאלירטע שטיינער. מיט די ווערטער בעצייכענט מען מעהר ניט די ביז-היסטארישע צייט פון אונזערע עלטער-עלטער-זיידעס אבער דאס בעשטימט ניט די צייט ווען עס איז געווען „דער שטיינערנער פעריאד". (זעה פיגור 5).

און אפילו נאך דעם, אז דער מענש איז שוין דערגאנגען, זוי צו בעארבייטען מעטאל, ד"ה בעת עס האט זיך שון אנגע-הויבען „די בראנז-צייט" און נאך דעם „די אייזען-צייט", האט נאך אלץ די שטיין-צייט פארווערטס נעעקסיסטירט. בראנ-זענע כלים מיט שטיינערנע. געפינט מען זעהר אפט צוזאממען.

קורץ גערעדט, דאס צערטהיילען די צייטען נאך די געציינ זאך, וועלכע דער מענש האט געניצט, בעווייזט מעהר נישט, אז לכתחילה האבען מענשען געניטצט שטיינערנע געציינ און נאך

דעם האָבען זיי אָנגעהויבען צו געברויכען מעטאַלענע, פריהער־בראָנזענע און נאָך דעם אייזערנע. דאָס אייגענע איז מיט דעם צערטהיילען די שטיינערנע צייט אויף צוויי פעריאָדען: אויף די צייט פון פראָסט געהאַקטע שטיינער און אויף די צייט פון גע־שליפענע שטיינער; דאָס בעווייזט אויך מעהר נישט, אַז פון אָנפאַנג האָבען זיך מענשען אויסגעלעהרענט צו טשעסענען שטיינער און ערשט נאָך דעם צו שלייפען.

מיט איין וואָרט, אין דער אמת׳ן זיינען אַזעלכע צייט־אַבטהיילונגען גאָר ניט געווען, אָדער ריכטיגער געזאָגט, אין אמת׳ן זיינען אַלע צייטען צוזאַממען געפלאָכטען. עס הויבט זיך אָן אַ נייער פעריאָד און דער פערגאַנגענער הערט נאָך פון דעסט־וועגען ניט אויף צו עקסיסטירען. וואָרום אפילו איצטער, וואָס מען ניטצט שוין פערשיעדענע מאַשינעס, פון דעסטוועגען נוטצט נאָך דער עולם אַ נ־אַנדערס מאָל שטיינערנע געצייג, ווי למשל, שטיינערנע האַנד־מיהלען, שטיינערנע סטופקעס, שטויסלאַך און ד. ג. מיר זעהען אַלזאָ, אַז די שטיינערנע צייט עקסיסטירט נאָך עַד הַיוֹם.

אַז דער מענש האָט אָנגעהויבען צו ברויכען פלייש פון גרויסע חיות, איז איהם ניט איין מאָל אויסגעקומען צו בעמערקען, אַז פלייש ווערט זעהר גיך מְקוּלֶה, און מען קען דאָס מעהר ניט עססען. ביי׳ן אורמענשען איז אָבער אַ פליישיגער ביסען געווען אַ גרויסער „יֵש״. ניט איבריגנס אָפט פלעגט זיך מאַכען גליקליכע יאַגדען, אויף וועלכע מען פלעגט בעקומען אַ רעכט ביסעל רויב. אויפעסען גאָר אין גאַנצען פלעגט מען ניט אַלע מאָל קענען, „האטשי דער אורמענש פלעגט זיך זעהר פיעל כטארעווען און אָנ־ווענדען אַלע מיטלען אויפצועססען וואָס מעהרער. זיי פלעגען זיך אַזוי פיעל אָנעססען, אַז נאָך דעם פלעגען זיי זיך קייקלען אויף ד׳רערד, כדי צו פערדייען דעם עססען. און נאָך אַזאַ זאַטען מאָלצייט פלעגט ניט זעלטען אויסקומען אַלאַנגע צייט גאָר צו הונגערען.

עס איז גאַנץ נאַטירליך, וואָס דעם מענשען האָט זיך גע־אַרט אַיינהיטען פלייש וואָס לענגער, די פראַקטיקע האָט באַלד

דערוויזען ווי מען קען לייכטער איינהאלטען פלייש פריש. אז פלייש פלעגט ליגען צווישען ענגערהייט אויפ'ן זונן, פלעגט זי אנהויבען צו טריקענען — פלעגט זיך אביסעל אויס וואנזלען. דער מענש האט דאס געקענט זעהר לייכט בעמערקען, ווייל ער האט געוואהנט אין די ווארעמע מקומות; דארטען זיינען די היטצען אפולע גראססער ווי ביי אונז און דעריבער וואנזעלט זיך דארטען גיכער. אזעלכענע געוויא.זעלטע פלייש, א חוץ וואס זי איז לאנגער פריש, איז לייכטער צו פערדייען; דער מענש האט אלזא געהאט פון די נייע המצאה א דאפעלטע טובה.

א חוץ דעם איז צווישענע שטיקלאך געוואנזעלטע פלייש זעהר בעקוואם מיטצונעהמען מיט זיך אויפ'ן יאגד, און עד-היום פראקטיקירט זיך נאך דער מיטעל צורעכט צו מאכען פלייש. גאר פערצייטען איז דאס נאך מעהר געווען בנמצא; די נאמאדען (ארומוואנדערער) פון די דרום-רוססישע מדבריות, דערצאהלט מען, פלעגען דאס עססען זעהר גערן און פלעגען דאס מיטנעהמען אין וועג און האלטען אונטערען זאטעל.

איצטער האט דער מענש ערפונדען אזא זאך, וועלכע איז באשערט געווען צו שפיעלען זעהר א גרויסע ראליע אין זיין לעבען, נאר ער אליין האט ניט פערשטאנען די גרויסע וויכטיגקייט פון זיין ערפינדונג און איז געפאללען אויף דעם גאר פלוצלונג. מיר דיידען דא וועגען פ י ע ר. בלתי ספק, אז דער מענש האט אללע מאל געוואוסט, אז עס איז דא פייער, ווארום ניט איין מאל, מסתמא, איז איהם אויסגעקומען צו זעהן ווי פון א בליטץ צינדען זיך אן בוימער און ברענען; נאר אזא פייער פלעגט איהם גאר שרעקען.

יעדענפאלס קענען מיר פייער ניט רעכענען פאר דעם מענ-שענס א-נ-ערפינדונג ביז דער צייט, ווען דער מענש האט זיך שוין אויסגעלעהרענט ווי צו באגעהן זיך מיט איהם: ווי צו בע-קוממען, ווי אונטערצוהאלטען און ווי צו לעשען איהם.

נישט שווער איז געווען דעם מענשען צו בעמערקען, דאס אז מען רייבט זעהר גיך א האלץ אן וואס עס איז פאר א-נ-אנדער הארטע זאך א רעכטע צייט, דערהיצט ער זיך און צינדט זיך

אפילו אָן אויך. דער פֿייער וואָס פֿלעגט זיך בעקומען אויף אַזאַ-אַ-
אופן האָט שוין ניט געשראָקען דעם מענשען, ווייל ער האָט
דאָך געוואוסט זיין יחוס, זיין אורשפּרונג; ער האָט געוואוסט פֿון
וואַנען ער האָט זיך גענומען און צו יעדער צייט, ווען ער האָט
נאָר געוואָלט, האָט דער מענש געקענט איהם אַרויסבריינגען.
דער מיטעל מיט וועלכֿען די איצטיגע ווילדע פֿאָלקער בעקוממען
אַרוים פֿייער, בעווייזט אונז, אַז לכתחילה איז מען טאַקי אויך
בויערענדיג דערגאַנגען ווי צו בעקומען פֿייער. געוויינטליך גע-
ברויכֿען זיי צום בעקומען פֿייער אַזאַ מין עקבויער (זעה פֿיגור 6),
וועלכֿער בעשטעהט פֿון אַ קלאָצעל, אין וועלכֿען עס איז פֿאַראַן
אַ גריבעלע, וואו עס שטעלט זיך אַריין אַ שפּינדעל. אַז מען
דרעהט דעם שפּינדעל איינינע מינוט זעהר גיך, בעווייזט זיך
פֿינקען, וועלכֿע זיי לייגען אַרויף אויף טרוקענע גראָז, אָדער אויף
אַ-נ-אַנדער זאַך, וואָס צינדעט זיך לייכֿט אָן און בלאָזען פֿונאַנדער
פֿייער. אין אָנהויב פֿלעגט מען דעם שפּינדעל דרעהען צווישען די
האָנד און נאָך דעם האָט מען אויף דערויף אויסגעקלעהרט פֿער-
שיעדענע צוריכֿטונגען. מען פֿלעגט ארומוויקלען דעם שפּינדעל
מיט אַ שטריק און מען פֿלעגט איהם דרעהען מיט איהר, שלעפּענדיג
דאָס איין ברעג, דאָס דעם אנדער ברעג פֿון שטריק. עס פֿער-
שטעהט זיך, אַז דאָס בעקומען פֿייער איז אין אַנדערע אָרטער
געווען שווערער און אין אַנדערע לייכֿטער. אין אַ קאַלטען און אין
אַ נאַסען קלימאַט פֿלעגט מען מוזען מעהרער און שטאַרקער
בויערען. ערפֿינדען פֿייער איז אין אַלעלכֿע אָרטער געווען נאָר
כמעט אונמיגלאַך. נמצא, אַז דאָס מוזען מיר אויך זאָגען, אַז
פֿייער איז ערפֿונדען געוואָרען אין די הייסע מקומות.

נאָר אַז עס איז שוין געווען ערפֿונדען פֿייער, האָט עס זיך
שוין געקענט פֿערשפּרייטען אויך אין יענע אָרטער, וואו לכתחילה
האָט מען עס ניט געקענט ערפֿינדען. די דערבייאיגע פֿאָלקער
האָבען איינפֿאַך געקענט קריגען פֿייער, ניט בויערענדיג, וואָרום
דאָס איז געווען זעהר אַ שווערע אַרבייט. (זעה פֿיגור 7 און 8)

קיים האָט מען שוין מיט גרויס מאַטערניש איין מאָל בע-
קוממען פֿייער, פֿלעגט מען שוין מיט כל-המיגליכֿקייט סטאַרעווען

זיך עס אונטערצוהאַלטען, אַז עס זאָלל זיך ניט פּערלאָשען. ביי אַפּולע פאָלקער פלעגט טאַקי זיין אַ בעזונדערער קלאסס מענשען, וועלכע פלעגען זיך בעשעפטיגען מעהר נישט ווי מיט דעם, וואָס זיי פלעגען אונטערהאַלטען דאָס פייער, אַז עס זאָלל ניט אויסגעהן, אונ אַזוי ווי פייער האָט מען גערעכענט פאַר אַ הייליגע זאַך, פאַר אַ מתנה פון גאָטט, אונ טאַקי פאַר אַ גאָטט אַליין אויך, דעריבער זיינען מיט דער צייט די מענשען, וואָס פלעגען געהן אונ אכטונג געבען אַרום דעם פייער אויך געוואָרען הייליג אונ מען האָט זיי געהאַלטען פאַר גאָטט׳ס דיענער.

ביי די ראָמיער, צום ביישפּיעל, פלעגען די נביאָה׳תעס פון דער גאָטטין וועסטא – מוזען אונטערהאַלטען שטענדיג פייער אויף דעם מִזְבֵּחַ פון זייער גאָטטין, אונ די וועסטאַ אַליין איז געווען די גאָטטין פון דער היימישער קיך. דערפון איז געדרונגען, אַז לכתחילה פלעגען די נביאה׳תעס גאָר מוזען אונטערהאַלטען דאָס פייער אויפ׳ן קיך. פון אַזאַ קיך פלעגט מען דערנאָך, אַז מען פלעגט דאַרפען, נעהמען פייער צום געברויך.

דאָס בעקומען פייער איז געווען אַזאַ שווערע אַרבייט, דאָס עס איז כמעט אונמיגלאַך געווען, דאָס איין מענש איינער אַליין זאָלל עס קאָנען אויספיהרען. מען האָט געמוזט זייער שטייף האַלטען דעם שפינדעל, כדי עס זאָלל זיך שטאַרקער רייבען; אָנגב פלעגט דער דרעהען דעם שפינדעל געדויערען אַ צייט, דאָס עטליכע כּתות פלעגען זיך בייטען ביז מען פלעגט בעקומען פייער.

דאָס בעקומען פייער האָט אַלזאָ געפאָדערט דאָס צוזאַממענ-אַרבייטונג פון אַפּולע מענשען. ד. ה. אַפּולע מענשען האָבען גע-מוזט אַרבייטען צוזאַממען, אום צו בעקומען פייער; עס איז, אַלזאָ, געווען אַגעזעלשאַפטליכע אַרבייט: אונ אַזוי ווי פייער, ווי פריהער איז שוין געזאָגט, האָט זיך גערעכענט פאַר אַ הייליגע זאַך, דעריבער האָט זיך דאָס בעקומען פייער גערעכענט פאַר אַ רעליגיאָז-געזעלשאַפטליכע האַנדלונג אָדער צערעמאָניע.

אַפּולע פאָלקער האָבען באַלד אָנגעהויבען צו ניטצען אַ ביסעל אַ-נ-אַנדערען, אַ בעססערען מיטעל צום בעקומען פייער. זיי פלעגען אָנטאָהן אויף אַ פלאָקען אַ הילצערנעם קייקעל אונ

דרעהען ניט דעם פֿלאָקען, נאָר דעם קייקעל. דאָס איז געוויִען לייכטער.

ביי די רוססען איז פֿאַראַן אַ מנהג, וועלכער דערמאַהנט אָן דעם אַרט בעקומען פֿייער אונ אויך אָן דעם, אַז אַ מאָל האָט דאָס בעקומען פֿייער גערעכענט זיך פֿאַר אַ צערעמאָניע.

ביי די רוססען איז נאָך אין אַ פֿולע אָרטער עד היום נע-בליבען אַ-נ-אנדענקונג פֿון יענער צייט, ווען זיי פֿלעגען אויף אַזאַ נ-אופן בעקומען פֿייער. אין אַנדערע אָרטער, אויף מאַסליאַניצע, צינדען די רוססען אָן פֿייער, טהוען אָן אַ ראָד אויף אַ פֿלאָקען אונ פֿיהרען דאָס אַרום אין אַ שליטען איבער'ן דאָרף, אונ פֿון אָבענד פֿערברענען זיי דעם פֿלאָקען צוזאַממען מיט'ן ראָד. דער פֿלאָקען ווייזט געווים אויף דעם שפינדעל, וועלכען מען פֿלעגט דרעהען, כדי צו בעקומען פֿייער, אונ דער ראָד ווייזט בלתי ספק אויף דאָס, אַז די פֿערצייטיגע רוססען פֿלעגען ערווערבען פֿייער אויף אַזאַ-נ-אופן, ווי מיר האָבען פֿריהער געזאָגט, ד"ה זיי פֿלעגען אָנטאָהן אויף אַ פֿלאָקען אַ קייקעל אונ דרעהען, ניט דעם פֿלאָקען נאָר דעם קייקעל.

דער מענש האָט באַלד בעמערקט, דאָס פֿייער וואַרעמט אונ ברענט, אַז מען ריהרט זיך צו איהם צו — עס האָט פונקט די זעלביגע טבע ווי די זונן. עס פֿערשטעהט זיך, אַז דער מענש האָט זיך מיט כל המיגליכקייט געסטאַרעט, אַז פֿייער זאָלל איהם בריינגען די זעלביגע נוטצען, וואָס די זונן בריינגט איהם. דער מענש הויבט אָן צו בענוטצען פֿייער צום וואַרעמען זיך לעבען איהם אין אַקאַלטע נאַכט אונ סטאַרעוועט זיך אוים צו וויאָנזלען אויף איהם פֿלייש.

אויף אַזאַ-נ-איפן, האָט זיך אָנגעהויבען די קונסט צו פֿער-פֿאַרטיגען עססענוואַרג. אַ חוץ דעם האָט דער מענש בעמערקט, אַז דאָס פֿייער בעשיצט איהם פֿון בייאנאַכטיגע אָנפֿאַללען פֿון ווילדע חיות, ווייל די ווילדע חיות האָבען מורא פֿאַר פֿייער, אונ דער מענש שלאָפֿט זיך איצטער רוהיג אונטער דעם שוטץ פֿון דעם נייעם וואָלטהאָטיגען גאָטט.

איצטער האָט זיך שוין פֿאַר דעם אורמענשען געאָפֿענט

אַ ברייטער פּלאַטץ: פֿייער מאַכט אויף פֿערשיעדענע זאַכען פֿערשיעדענע ווירקונגען, אונ דער מענש האָט זיך באַלד דערמיט בענוצט, ווי מיר האָבען שוין פֿריהער געזאָגט, צום פֿערפֿאַרטיגען שפּייז.

עס איז אונמיגלאַך אויסצורעכענען אַלע מיטלען, מיט וועלכער דער אורמענש פֿלעגט פֿערפֿאָרטיגען שפּייז. פֿלייש, למשל, האָט מען שוין איצטער געקענט פֿערפֿאָרטיגען אויף פֿערשיעדענע אופנים: מען האָט דאָס געקענט אַרויף שטעכען אויף אַ שפּיציגען שטאָקל אונ אויסבראָטען אויפ׳ן פֿייער גופא בעת עס האָט געברענט; אָדער מען האָט דאָס געקענט אויסבראָטען אויף די קוילען, נאָך דעם אַז די פֿייער איז שוין אויסגעגאַנגען; מען האָט דאָס אויך געקענט האַלטען לעבען פֿייער אויף אַזאַ־נ־אופן, אַז אויף די פֿלייש זאָלל געהן מעהר ניט דער רויך אונ די פֿלייש זאָלל זיך אויסוויאָנדזלען. איצטער ניטצט מען נאָך אויך געראויכערטע פֿלייש, נאָר דאָס איז שוין אַ פּנים גאָר אַ פֿערצייטיגע המצאה.

באַלד האָט זיך דער מענש אויסגעלעהרענט מאַכען בעזונדערע איינריכטונג צום בראָטען פֿלייש, ער האָט זיך אויסגעלעהרענט מאַכען אַזאַ מין אויווען. דעם אורמענשענס אויווענס זיינען אייגענטליך געוועזען נישט מעהר, ווי אַ שטיינערנער טאָוועל, אַן־אַנדערס מאָל האָט עס געקענט זיין מיט אַ־נ־אויסהיילונג; אויף דערויף פֿלעגט מען פֿונאַנדער לייגען פֿייער אונ נאָך דעם, אַז דער שטיין פֿלעגט זיך גוט אָנברענען אונ דאָס פֿייער פֿלעגט אויסגעהן, פֿלעגט מען צוזאַממען שאַרען די קוילען אין איין אָרט אונ אויף דעם אָנגעברענטען שטיין פֿלעגט מען בראָטען שטיקלאַך פֿלייש. איצטער טהוט מען דאָך ביי אונז אויך אַזוי: מען באַקט אויפ׳ן אָנגעהייצטען שטיין. די נפקא מינה צווישען די איצטיגע אונ פֿערצייטיגע אויווענס איז מעהר ניט דאָס, וואָס יענע פֿלעגען זיין אויפ׳ן פֿרייען פֿעלד אונ די איצטיגע אויווענס זיינען אין די הייזער.

אַזוי פֿלעגט מען פֿערפֿאַרטיגען פֿלייש. נאָך דעם האָט דער מענש אָנגעהויבען צו באַקען פֿערשיעדענע מינים פּירות אונ וואָרצלען, מען האָט אָנגעהויבען צו סמאַלענען קאָרנער אונ דאָס פֿלעגט זיי צוגעבען גאָר אַ בעזונדערען געשמאַק. פֿריהער

האָבען מיר שוין דערצעהלט, ווי די אורמענשען פלעגען צוגישען מעהל מיט וואַססער אונ פלעגען דאָס עססען די קאַשקע אָדער די טייג. איצטער האָבען זיי שוין אָנגעהויבען אונטער באַקען די טייג אונ אויף אַזאַ־נ־אופן האָבען זיי זיך אויסגעלעהרענט באַקען ברויט. (זעה פיגור 9).

די ווירקונג וואָס פייער מאַכט אויף וואַססער, איז דער מענש דערגאַנגען גאָר אין אַ צייט אַרום. איצטער איז נאָך אויף פאַראַן איינינע שבטים, וועלכע וויססען שוין פון פייער אונ וויססען נאָך פון דעסטוועגען ניט, ווי צו זידען וואַססער; אונ באמת איז דאָס טאַקי געווען שווער צו דערגעהן, וואָרום פריהער האָט דאָך דער מענש געדאַרפט אויסקלעהרען לייםענע געפּאָס, אין וועלכע מען זאָלל קענען זידען וואַססער.

דער מענש האָט, פערשטעהט זיך, געקענט לייכט בעמערקען דאָס אַז וואַססער גיסט זיך אַרויף אויף אַן־אָנגעברענטען שטיין, הייבט עס אָן צו הושען אונ עס פערוואַנדעלט זיך אין פאַרע; אָבער דאָס אַליין איז נאָך ווייניג, ווי די מענשען האָבען דאָס בעמערקט, קען זיין, אַז די אַנגענעהמע וואַרעמקייט פון פאַרע איז זיי זעהר געפעליג געווען, אונ זיי האָבען אָנגעהויבען בכיוון צו גיססען וואַססער אויף אָנגעברענטע שטיינער, כדי זיך אַביסעל דורך צו פאַרענען, אָבער נישט מעהר.

דערפון זיינען געוויס אַרויסגעקומען אונזערע איצטיגע באָדער. אין די היגע־קאַנטיגע באָדער ווערט געמאַכט אין די אויווענס אַבעזונדערע אַבטהיילונג, וואו עס ליעגען אָנגעברענטע שטיינער אונ אַז מען וויל „דערלאַנגען דוך" גיסט מען אַרויף אויף די שטיינער וואַססער, אונ די באָד ווערט פול מ ט פאַרע.

אונ אפילו אַז מען האָט שוין געקענט מאַכען לייםענע כלים, האָט נאָך פון דעסטוועגען דער מענש אַלץ ניט געקענט זידען וואַססער, אַזוי ווי מיר איצטער; לכתחילה פלעגט מען גאָר אום אָנצוואַרעמען וואַססער וואַרפען אָנגעברענטע שטיינער אין אַ כלי וואַססער, ביז עס פלעגט ווערען הייס, איצטער אפילו טהוט מען עס נאָך אויף אַנ־אַנדערס מאָל, דהיינו, אַז עס פעהלט כלים אָדער אַז מען דאַרף אָנוואַרעמען וואַססער אין אַ הילצערנע כלי.

מיט איין וואָרט, פֿייער איז געווען זעהר וויכטיג פֿאַר דעם מענשען, באַלד ווי דער מענש האָט ערפֿונדען פֿייער, איז ער שוין געוואָרען אַפֿולע וויינינגער אבהיינגיג פֿון דער נאַטור.

איצטער, האָבענדיג פֿייער, האָט שוין דער מענש אונטער דעם שוטץ פֿון דיעזער וואָהלטהאָטיגער גאָטטהייט, געקענט ריזי־קירען אונ מאַכען אַ נסיעה אין קאָלטערע לאָנדער. דאָס פֿייער האָט פֿערנומען דעם אָרט פֿון דער זונן־וואַרעמקייט, אונ דעריבער פֿערשטעהט זיך פֿאַר וואָס דער מענש האָט איצטער געהאַלטען אַזוי טהייער דאָס פֿייער.

דאָס פֿייער האָט מען געמוזט פֿערהיטען פֿון רעגען אונ פֿון ווינדטען, אונ דער מענש הויבט אָן אויסקלעהרען פֿערשיעדענע מיטלען ווי דאָס צו פֿערהיטען. אין אָנפֿאַנג פֿלעגט דער מענש פֿערשטעלען דאָס פֿייער פֿונ'ם ווינד מיט ריטלאַך, וויצקעס אונ בלאָטער. לכתחילה פֿלעגט ער, אַריינשטעקענדיג די וויצקעס אין דער ערד, פֿערשטעלען דאָס פֿייער מעהר ניט ווי פֿון איין זייט, פֿון וואַנען עס פֿלעגט בלאָזען דער ווינט. נאָר מיט דער צייט האָט דער מענש אָנגעהויבען צו פֿערשטעלען דאָס פֿייער פֿון אַלע זייטען, כדי אויב אפילו עס וועט זיך אומבייטען דער ווינד זאָלל ער עס אויך ניט קענען פֿערלאָשען; אין איין זייט, מעהר ניט, פֿלעגט ער לאָזען אַ שטיקעל ניט קיין פֿערשטעלטען אָרט פֿאַר זיך אַריין צו געהן.

אויף אַזאַ־נ־אופֿן זיינען ענטשטאַנען מענשליכע וואָהנונגען. אין די ערשטע צייטען איז דאָס געווען גיכער די דירה פֿון פֿייער, ווי דעם מענשענס וואָהנונג. פֿון אויבען, פֿערשטעהט זיך, פֿלעגט מען לאָזען אָפֿפֿען, כדי דער רויך זאָלל האָבען פֿון וואַנען אַרויס צו געהן. דאָס איז וואַהרשיינליך געווען די ערשטע פֿאָרמע פֿון די איצטיגע „פּעקאַרנעס" וועלכע מיר טרעפֿפֿען נאָך איצטער אין אונזערע דאָרפֿער. מיט דער צייט האָט זיך דערפֿון ענטוויקעלט אַ שטוב מיט איהר נאָטהיגסטע געהאָריגקייט, אַ קיך.

עס קען איינקומען זעהר קאָמיש וואָס מיר זאָגען, אַז לכתחילה האָט דער מענש בעזאָרגט אַ דירה פֿאַר פֿייער, אונ נאָך

דעם ערשט פֿאַר זיך. אין אמת'ן איז אָבער פֿאָרט אַזוי אונ עס איז גאַנץ פֿערשטאָנדליך, פֿאַר וואָס דאָס איז אַזוי געווען: אין אָנהויב האָט דאָך דער מענש געוואָהנט אין וואַרעמע לאָנדער, הייגט צו וואָס האָט ער געדאַרפֿט האָבען אַ דירה? מעהר ניט אַמאָל פֿלעגט ער זיך מסתּמא בעהאַלטען פֿון אַ רעגען אונטער די געדיכטע בלאָטטער פֿון אַ בוים; אָבער דאָס קען מען דאָך בשום אופן ניט אָנרופֿען דירה.

מיט איין וואָרט, דירות הויבען זיך ערשט דאַן אָן איינצוגעפֿינען, ווען דער מענש הויבט אָן איבערצוגעהן אין קאָלטערע לאָנדער. אָבער דאָס פֿייער, וועלכעס איז געווען נאָטהווענדיג אויך אין די וואַרעמע לאָנדער, האָט דאָך נאַטירליך געצוואונגען דעם מענשען, אַז ער זאָלל אויסקלעהרען מיטלען ווי עס צו בעשיטצען פֿון רעגען אונ פֿון ווינדטען. איבריגענס אין די וואַרעמע לאָנדער האָבען אויך מענשען בְּעֶרֶךְ זעהר פֿריה אָנגעהויבען צו־בויען פֿאַר זיך פֿון בלאָטטער אַזעלכע מיני דירות. אָבער די הייזער, אָדער, ריכטיגער געזאָגט, בּיידלאַך פֿלעגען זיין זעהר ניט האַפֿטיג אונ דער מענש פֿלעגט זיי זעהר אָפֿט בייטען אויף נייע. קורץ גערעדט, אויך די מינים דירות זיינען ווייט ניט דאָס, וואָס מיר פֿערשטעהען איצטער אונטער דעם נאָמען דירה.

מיר האָבען שוין גערעדט אַמאָל וועגען דעם, אַז דער מענש פֿלעגט זיך בעשיטצען פֿון קאָלט אָדער פֿון אַ שלעכטע פּאָגאָדע ניט נאָר אין געבויטע הייזלעך, נאָר אויך אין האָהלען, וועלכע די נאַטור אַליין פֿלעגט איהם געבען פֿאַרטיגע. גראָבענדיג אונטער ד'ערד געפֿינט מען איצטער זעהר אָפֿט נאָכגעבליעבענע סימנים, וועלכע בעווייזען זיכער, אַז אין די האָהלען האָבען אַ מאָל מענשען געוואָהנט: מען געפֿינט דאָרטען מענשען־ביינער אונ צוזאַממען מיט זיי כּלים.

עס פֿערשטעהט זיך, אַז אַזעלכע פֿאַרטיגע האָהלען זיינען געווען זעהר וויניג, אונ דער מענש האָט געמוזט זאָרגען, ווי עס איז אַליין מיט זיינע דאַבּאָלסטינע געצייג אויסצוגראָבען אַזעלכענע האָהלען. נאַטירליך, אַז דער מענש האָט שוין געגראָבען פֿאַר זיך אַ האָהל, פֿלעגט ער מסתּמא זעהן צו מאַכען איהר אַזוי

זאָל זיין וואָס בעקוועמער, אַז דאָרטען זאָל זיין בעסער צו וואָהנען, ווי אין די נאַטירליכע היילען (זעה פיגור 10).

אַזעלכענע ערדענע דירות געפינען מיר נאָך עד־היום אין אַפּולע אָרטער ביי די פעלקער, וועלכע עס וואָהנען אין קאַלטען צפון־זייט, דהיינו, ביי די עסקימאָסען, אַזעלכע אונטערערד׳רערדיגע דירות גראָבען זיי אויס פאַר זיך אויף ווינטער, אונ זוממער וואָהנען זיי אין קיהלערערעביידלאַך.

פייער איז געוועזן זעהר וויכטיג פאַר דעם מענשען אויך אין נאָך אַ הינזיכט, עס האָט געגעבען דעם מענשען אַמיגליכקייט צו געברויכען פיש אונ שפייז. נאַטירליך, איידער ער האָט נאָך געהאַט פייער, האָט דער מענש אויך געוואוסט פון דער אכילה. ער פלעגט דאָס עססען אָדער פשוט נאָר ראָהע אָדער, אַזוי ווי פלייש, געטריקענטע אויפ׳ן זונן. אָבער אין דעם הינזיכט איז פיש גאָר אַנדערש ווי פלייש, ווייל עס טריקענט זיך ניט אויפ׳ן זונן אַזוי גיך, פיש פלעגט מען מוזען טריקענען זעהר לאַנג אונ צום סוף פלעגט אָפט זיין די גאַנצע האָרעוואַניע אַרויסגעוואָרפען, ווייל די געטריקענטע פיש פלעגט זיין האַרט אונ ניט געשמאַק. דער מענש האָט גאָך דאַמאָלס ניט געהאַט ניט קיין פייער אונ ניט קיין זאַלץ, אונ אָן דעם איז פיש ניט קיין איבריגס וואָהלע אכילה.

אַז דער מענש האָט זיך דערוואוסט ווי צו בעקוממען פייער אונ האָט זיך אָנגעהויבען צו בענוטצען מיט איהם, האָט ער זיך שוין אויסגעלעהרענט אונטערצובראָטען פיש אויפ׳ן פייער אונ פון דאַמאָלסט אָן ווערדט ער שוין וויינינגער צוגעבונדען צו איין אָרט, ער בעזעטצט זיך אַרום טייכען, אין וועלכע עס איז פאַראַן אַפּולע פיש.

דער פייער האָט, אַלזאָ, בעשיטצט דעם מענשען פון קאָלט אונ די טייכען האָבען איהם געפיהרט אין צפון־זייט אונ האָבען איהם שטענדיג צוגעשטעלט נאַהרונגסמיטלען, וועלכע ער פלעגט שוין איצטער קענען פערפאַרטיגען אויפ׳ן פייער. נאַטירליך האָבען ניט נאָר די טייכען אַליין געוויזען דעם מענשען אַ וועג אין די קאָלטערע לאַנדער; עס זיינען געוועזען נאָך סיבות אויך, וועלכע

האָבען דעם מענשען אַרויסגעפיהרט פֿון זיין ווינעלע, פֿון די וואַרעמע לאַנדער אין די קאַלטע.

מען ברויך נישט רעכנען, אַז די פֿאָלקער וועלכע בעשעפֿטיגען זיך מיט פישפאַנגעריי, עססען מעהר נישט ווי פיש, און מעהר קיין זאַך ניט, אָדער די פֿאָלקער, וועלכע בעשעפֿטיגען זיך מיט יאָגעריי (יאַגד), עססען מעהר נישט ווי רויב-פֿלייש, אָדער ערד-אַרבייטער מעהר נישט ווי ברויט. געוויינטליך איז אַזוי, דאָס יעדעס פֿאָלק בעשעפֿטיגט זיך מיט די אַלע זאַכען צוזאַממען. און אויב מיר רופען אַ פֿאָלק פישער, יאָגער אָדער ערד-אַרבייטער, מיינען מיר דערמיט מעהר ניט צו זאָגען, אַז די אָדער יענע בעשעפֿטיגונג (למשל, פישפאַנגעריי) איז ביי זיי דער עיקר עסק. מיט וואס אַ נ-אומה בעשעפטיגט זיך ווענדט זיך געוויינטליך אן די תּנאים פון דעם אָרט, וואו זי וואהנט. איין אָרט איז בעססער פֿאַר דער בעשעפֿטיגונג, למשל, פֿיש-פֿאַנגעריי, דאָרטען איז דאָ טייכען, אין וועלכע עס פיהרט זיך אַ פֿולע פיש, — בעשעפֿטיגען זיך די מענשען, וועלכע וואָהנען דאָרטען, מיט פֿישפאַנגעריי; אַ נ-אַנדער אָרט איז בעססער פֿאַר אַ נ-אַנדער בעשעפֿטיגונג, למשל, פֿאַר פאָלעוואַניע, דאָרטען איז דאָ אַ פֿולע וואַלדער, אין וועלכע עס געפֿינען זיך איין אַ סך חיות, בעשעפֿטיגען זיך די יענע אָרטערדיגע פֿאָלקער מיט יאַגד. נאָר אַז עס פֿלעגט זיך מאַכען אַ-נ-אָרט, וועלכער איז געוועזען גוט פֿיר אַלערליי אַרבייט, פֿלעגען זיך די דאָרטיגע מענשען בעשעפֿטיגען מיט אַלסדינג, אַז עס איז אונמיגלאַך צו צורעכענען זיי צו אַ בעשטימטע גרופפע פֿאָלקער: אין איין צייט פֿון יאָהר זיינען זיי ערד-אַרבייטער, אין דער אַנדער צייט-יאָגער, אין דער דריטער-פֿישער.

אַז איצטער, פֿייער צו פֿערדאַנקען, איז געוואָרען פֿיש זעהר אַ גוטע אבילה, האָט דער מענש נאַטירליך אָנגעהויבען צו בעשעפֿטיגען זיך מיט פֿישפאַנגעריי און האָט אָנגעהויבען צו זוכען אַלערליי מיטלען ווי צו חאַפּען זיי. די ערשטע זאַך, פֿערשטעהט זיך, האָט דער מענש אָנגעהויבען צו בעטראַכטען דעם לעבען פֿון די פֿיש און ער האָט בעמערקט, דאָס עס זיינען פֿאַראַן

אַזעלכע צייטען, ווען די פיש שווימען אַרום אין די טייכען אָדער ימים גאַנצע מאַססענווייז אונ דאַמאָלסט איז זיי געווען זעהר לייכט אַנצוחאַפּען מיט׳ן האַנד אָדער מיט וואָס עס איז פאַר אַ מאַכעריי, אַ געצייג.

פריהער האָט דער מענש אָנגעהויבען צו פלעכטען פון וויצקעס אַזעלכענע קאָרבלאַך צום חאַפּען מיט פיש עס קען גרייליך זיין, אַז דער מענש האָט שוין פאַר דעם אויך געקענט פלעכטען פון וויצקעס וואָסערע עס איז כלים. קאָרבלאַך, סעהר נישט איצטער האָט ער אָנגעהויבען צו פערפאָלקאָממען זיך אין דעם אונ צורעכטמאַכען זיינע פלאָכטונג צום חאַפּען פיש, איצטער נאָך אַפילו חאַפּט מען נאָך אויך פיש מיט אַזעלכע מינים געפלאָכטענע קאָרב.

באַלד נאָכדעם ווי דער מענש האָט זיך אויסגעלעהרענט דרעהען שטריק פון פאָרעמדיגע געוויקסע, האָט ער אָנגעהויבען צו פלאָכטען פון זיי נעטצען. אין אָנהויב, פערשטעהט זיך, פלעגט ער מאַכען ניט איבריגס קונציג, נאָר מיט דער צייט האָט ער זיך אויסגעלעהרענט, האָט אָנגעהייבען מאַכען די נעטצען אַלץ בעססער אונ בעססער ביז ער האָט אָנגעהויבען צו פעראייניגען די פלאָכטונג מיט אַ נעטץ אונ אויף אַזאַ-נ-אופן האָט זיך בעקומען אַלערליי פערשידענע פישערשע געצייג, וועלכע זיינען נאָך בעוואוסט אויך אין דער איצטיגער צייט.

נאָר ווען דעם מענשען פלעגט זיך מאַכען צו חאַפּען אַ גרויסען פיש אונ די געצייג האָבען ניט געטויגט, פלעגט ער דערצו בענוטצען דיזעלביגע געצייג, מיט וועלכע ער פלעגט געהן אויף געיאָג. ער פלעגט וואַרפען אין דעם פיש אַ שפּיז, וועלכען ער פלעגט פריהער צובינדען צו אַ שטריק, כדי ער זאָלל נאָך דעם קענען צוריק אַרויסציהען. אַזאַ מין שפּיז רופט מען האַרפון. געוועהנליך ניטצט מען דעם געצייג, אַז עס קומט אויס צו חאַפּען אַזאַ פיש אין אַ ים, אָבער אין אַ טייך דאַרף מען נאָר אפילו קיין שטריק אויך ניט צובינדען, מען דאַרף מעהר נישט מאַכען אַ ביסעל אַ לייגגערע האָנדמעל צום שפּיז אונ אויף אַזאַ-נ-אופן בעקומט זיך אַ קעקסע, מיט וועלכע מען קען צוהרגע׳נען

און אַרויסשלעפּען פֿון וואַססער דעם פֿיש. געוויינטליך טהוט מען דאָס ביי נאַכֿט, בעלייכֿטענדיג דעם גרונד טייך מיט פֿייער.

וויא פראָסט, וויא איינפֿאַך עס זיינען ניט די אַלע געצייג, וועגען וועלכֿע מיר האָבען דאָ גערעדט, פֿון דעסטוועגען איז זיכֿער, אַז אויך דאָס אַרט חאַפּען פֿיש, האָבען זיך מענשען אויס-געלעהרענט ערשט בערך שוין זעהר שפּעט, וואָרום באמת איז דאָך אַ חוץ וואָס דער מענש דאַרף שוין קענען מאַכֿען עטליכֿע פֿערשיעדענע זאַכֿען, וויא למשל, דרעהען אַשטריק, פֿלעכֿטען קאָרב און מאַכֿען נעטצען, מוז ער דאָך אום צו חאַפּען פֿיש מיט אַ נעטץ שוין האָבען אַ מיטעל צום שווימען איבער'ן וואַססער, כדי ער זאָל קענען נאָכֿיאָגען די פֿיש. נאָר איידער מיר וועלען ריידען וועגען דעם, מוזען מיר דערצעהלען, צו וואָס האָט געבראַכֿט דעם מענשען דאָס פֿלאָכֿטען קאָרב.

דער מענש האָט באלד בעמערקט, אַז ליים האָט אַזאַ טבע, וואָס זיא לאָזט דורך זיך ניט דורך קיין וואַססער. בעמערקען דאָס האָט ער געקענט גאָר צופֿאַלליגער ווייזע, דהיינו ער האָט אַ־זעק-געשטעלט אַ קאָרב אויף אַ ליימיגען אָרט, צו דער קאָרב האָט זיך צוגעקלעבט ליים און דער מענש האָט לייכֿט געקענט בעמערקען, אַז די צוגעקלעבטע צום קאָרב ליים לאָזט ניט דורך קיין וואַססער. דאָס האָט איהם געבראַכֿט אויפֿ'ן געדאַנקען צו בעקלעבען אַ קאָרב מיט ליים. די ליים האָט זיך אויסגעטריקענט און אויף אַזאַ אופן האָט זיך בעקומען אַ כלי, וואָס לאָזט ניט דורך קיין וואַססער.

אין איינינע צייט אַרום האָט דער מענש געפּרובירט זידען וואַססער אין דער כלי. די הילצערנע טהיילען פֿון דער כלי, זיינען, פֿערשטעהט זיך, פֿערברענט געוואָרען, די ליימענע כלי איז אָבער איבערגעבליבען און נאָך מעהר, זי איז נאָך איצטער גאָר געוואָרען אַפֿילו שטאַרקער, אַז זי צוווייקט זיך שוין ניט פֿון וואַססער, ווי פֿאַר דעם.

דאַמאָלסט האָט מען שוין בכֿוון אָנגעהויבען פֿלעכֿטען קאָרב, אויסקלעבען זיי פֿון אינעווייניג מיט ליים און נאָך דעם פֿלעגט מען פֿערברענען דעם אויסגעפֿלאָכֿטענעם פֿורעם. עס

פֿלעגט זיך בעקומען א לייםענע כלי, אויף וועלכער עס פֿלעגט איבערבלייבען די צייכענס פֿון דעם פֿערברענטען קאָרב, אין וועלכער מען האָט גימאַכט די כלי. אַ זעלכענע לייםענע כלים געפֿינט מען אויך, גראָבענדיג אונטער ד'ערד.

נאָך דעם האָט שוין דער מענש אָנגעהויבען צו קלעבען כלים פֿון ליים אָהן אַ פֿורעם אונ אויף אַזאַ-נ-אופֿן הויבט זיך אָהן די טאָפּפּער-קונסט. דער קייקעל מיט וועלכען די טאָפּפּער מאַכען איצטער לייםענע כלים, איז שוין גיוועזן בעוואוסט גאָר אין דער אורצייט, אָבער אום צו פֿאַללען אויף די המצאה, האָט שוין דער מענש געדאַרפֿט זיין זייער פֿיעל פּראַקטיקירט, אונ אַ חוץ דעם האָט שוין טאָפּפּעריי געדאַרפֿט זיין פֿאַר דעם אַ ספּעציאֶלע אַרבייט פֿון בעזונדערע בַּעֲלֵי-מְלָאכות, וואָרום אַז אַ מענש בעשעֶפֿטיגט זיך דער עיקר מיט איין אַרבייט אונ איז שטענדיג מעהר ניט נאָר מיט דערמיט פֿערנומען, קען ער גיכער געפֿינען מיטלען ווי אויסצובעססערן זיינע געצייג, ווי צו פֿערפֿאָלקאָממען זיך אין זיין אַרבייט, אַז ער זאָל איהר מאַכען גיכער אונ בעססער. אין דער איצטיגער צייט, למשל, בעשעֶפֿטיגט זיך יעדער מענש מעהר נישט מיט איין אַרבייט, אונ אָפֿט נאָך ניט מיט קיין גאַנצען אַרבייט אויך, נאָר מיט אַ טהייל פֿון דער אַרבייט. אַ קאַמאַש, למשל, דורך וויפֿיל הענד געהט עס דורך ביז מען קען דאָס אָנטאָהן? אין איין גאַרבאַרנע מאַכט מען די אויבערשטע לעדער, אין דער אַנדער גאַרבאַרנע די אונטערשטע לעדער, די פּאָדעשוועס, אין איין פֿאַבריק מאַכט מען די אייזערנע טשוועקלאַך, אין דער אַנדערער — די הילצערנע שפּיילען, אין אַ דריטער פֿאַבריק מאַכט מען די גוממע אונ אין אַ פֿירטער — די סטריפּען. נאָך דעם קומט עס אַריין צום טשענאַטען מאַכער (יאַ:אָטאַיושציקעס) אונ ערשט נאָך דעם צום שוסטער, וועלכער שטעלט דאָס אַללעס צוזאַממען אונ פֿערפֿאַרטיגט דאָס אין גאַנצען, שוין צום טראָגען. נור דאָס איז נאָך ניט גאָר. אין יעדער פֿאַבריק גופא גייט אויך דורך די אַרבייט דרך מִי יוֹדֵעַ וויפֿיעל האַנד. פֿאַרצייטען איז אָבער ניט געוועזן אַזוי. יעדערער פֿלעגט זיך מאַכען פֿאַר זיך, אַלץ וואָס ער האָט נעדאַרפֿט, פֿון

אָנהויב ביז'ן סוף. מיט דער צייט, וואָס מעהרער דער מענש האָט אויסגעטראַכט נייע געצייג און וואָס מעהרער ער האָט אויס געבעסערט די אַלטע, דאָס מעהרער איז אונמיגלאַך געוואָרען, אַז יעדער־ער זאָל קענען מאַכען פֿאַר זיך אַלץ, וואָס ער דאַרף, און אויף אַזאַ-נ-אופן איז די אַרבייט צוטהיילט געוואָרען צווישען די מענשען, די געלעהרנטע רופֿען דאָס אַרבייט אָדער מיה־צערטהיילונג, די מיה-צערטהיילונג פֿון איהר זייט ווידער, העלפֿט ווייטער אויסצובעססערען די אַלטע און אויפֿצוקלעהרען נייע געצייג. מיר זעהען אַלזאָ, אַז די מיה-צערטהיילונג, חאָטשי פֿון איין זייט ווערט זי אַרויסגערופֿען דורך די פֿערבעססערונג פֿון די געצייג, דאָך, פֿון דער אַנדערער זייט, ווירקט זי, די מיה-צערטהיילונג, אויף די ענטוויקלונג, פֿון די פּראָדוקציאָנס-מיטלען, די מיטלען מיט וועלכע דער מענש בעשאַפֿט פֿאַר זיך פּראָדוקטען, וואָס ער דאַרף צום לעבען. נאָר ניט דאָס זיינען מיר אויסען, אויספֿיהרליך וועלען מיר ריידען וועגען דעם שפּעטער. נאָר איצטער רעכענען מיר, פֿערשטעהט איהר שוין, וואָס מיר האָבען פֿריהער געזאָגט, אז די אויסגעבעסערטע טאָפּפּערשע געצייג האָט מען געקענט נאָר דאַן אויסטראַכטען, ווען טאָפּפּעריי איז שוין געוואָרען אַ זעלבשטענדיגע אַרבייט פֿון בעלי-מלאכות-ספּעציאַליסטען. נִמְצָא, אַז דאָס איז געווען בערך שוין גאָר אַ שפּעטערדיגע המצאה און לכתחילה פֿלעגט מען מאַכען ליימענע כלים מיט די האָנד. (זעה פֿיגור 11).

איצטער וועלען מיר ריידען וועגען דעם (צאָהמען) פֿערהויזליכען בהמות און חיות. דאָס האָט שטענדיג געהאַט און עד היום האָט עס נאָך אויך זעהר אַגרויסע בעדייטונג פֿאַר דעם מענשענס לעבען.

איינינע חַיָה׳לאך בעגלייטען דעם מענשען שוין פֿון זעהר, זעהר אַ לאַנגע צייט. אַנדערען פֿון זיי קען מען גאָר ניט אפילו אָנרופֿען צוגעוואָהנטע חַיות, ווייל זיי האָבען גאָר מורא, זיי שרעקען זיך גאָר פֿאַר אַ מענשען. נאָר זיי לעבען צוזאַממען מיט מענשען מעהר ניט ווי דערפֿאַר, וואָס נאָר זייענדיג אַרום איהם געפֿינען זיי זייער הַיוּנָה. זיי ערנאָהרען זיך געוויינטליך מיט דער

איינגנער שפּייז, וועלכע דער מענש געברויכט, אָדער מיט די אָבפאַל פון דעם מענשענס שפּייז. דעם ערשטען אָרט צווישען אזעלכע־חיות פערנעהמט, פ ע ר ש ט ע ה ט ז י ך, דער הונד. דער הונד איז ניט קיין גרויסער בראַקירער אין עססען אונ בע-גנוגענט זיך מיט אָבגעגריזעטע ביינער אונ דערצו איז ער אַ גרויסער בעָלן אויף די אָבפאַל פון מענשענס שפּייז. עס קען גריילי זיין, אַז טאַקי דעריבער גופא האָט דער הונד געמוזט אָנהויבען מיטצוגעהן אומעטאום מיט'ן מענשען. דאָס שטאָנדיגע נאָהנטקייט אַליין מיט'ן מענשען איז שוין געווען גענוג צו פער-הויזליכען דעם הונד אפילו גאָר אָהן דעם מענשענס הילף. אַחוץ דעם איז טאַקי געווען זעהר לייכט אויך צו צאַהמען דעם הונד, ווייל מען דאַרף איהם מעהר ניט וואַרפען אַ ביססען אָדער אַ-נ-אָבגעגריזעטען ביין אונ דער הונד ווערט שוין אַ גאַנצער חבר-לאַפּ מיט'ן מענשען, הויבט זיך אָן צולאַסקעווען אונ ניט זיך אן גאַנצען איבער זיין בעל-הבית, ד. ה. דעם, וואָס האָט איהם גע-וואָרפען דעם ערשטען ביין.

אונ דער מענש האָט זיך געסטאַרעוועט ממציא צו זיין פאַר זיך וואָס עס איז פאַר אַ נוטץ פון דער חיה. די ערשטע זאַך איז איהם אַרויף אויפ'ן געדאַנקען צו קען מען ניט אפשר אַ הונד אויך עססען אַזוי ווי אַנדערע בהמות אונ חיות. מען האָט געפּרובט אונ מען איז דערגאַנגען, אַז מען קען טאַקי גריילי עססען הינד אויך. מען האָט אָנגעהויבען צו קאָרמענען הינד, הגם איצטער פלעגט מען זיי אויך געבען מעהר ניט וויא דיא אָבפאַל, אָבער שוין מיט איין אַנדער כַּוָונָה, כדי זיי צו אָבקאָרמענען אונ פער-ניטצען אין שפּייז. עס פערשטעהט זיך, אַז וואָס מעהרער הינד דער מענש האָט געהאַט, דאָס רייכער איז ער געווען, דאָס מעהרער איז ער געווען פערזיכערט פון הונגער אונ פון נויטה, דאָס זיכערער איז געווען זיין לעבען, אונ דעריבער האָט מען אָנ-געהויבען צו האָדעווען הינד מאַססענוויז.

אז דער מענש האָט בעמערקט, וויא דער הונד לעבט אונטער בּיסלעכוויז אויך אַזוי ווי דער מענש, פון יאַגד, ער חאַפּט קלענערע פון זיך חיה'לאַך אונ פאָגלעך, האָט ער אָנגעהויבען

סיטצוגעהמען איהם מיט זיך אויפ'ן יאַגד, מעהר ניט דער מענש פלעגט ביי איהם צוגעהמען זיין רויב אונ געבען איהם אַליין וועהר אַ קליינע מהייל דערפון, דער מענש האָט געלעהרנט דען הונד יאָגען זיך, ניט נאָר אויף קליינע חיה'לאַך אונ פֿאָגלאַך, נאָר אויך אויף גרויסע חיות, פאַר וועלכע דער הונד אַליין האָט שטאַרק מורא געהאַט. ער פלעגט פאַראייניגען אַפֿולע הינד אין איין פולק אונ צוזאַמען מיט זיי אָנפאַלען אויף די באָזע חיות, דיא אייבינגע אונ נאַטירליכע שונאים פון מענשען אונ אויך פון הינד. אַלע נוטצען וואָס דער מענש האָט געהאַט פון הונד איז גאָר אונמעגליך אויסצורעכענען, אנב איז דאָס טאַקי גאָר איבריג אויך, יערערער וויים דאָס גאַנץ גוט.

דער חזיר איז אויך, פונקט אַזוי ווי דער הונד, ניט קיין גרויסער בראַקירער אין עססען אונ עסט אַלץ, וואָס מען גיט איהם אָדער וואָס ער געפינט. ער קען זיך נאָך בעססער פאַר אַ הונד אָבעססען אונ אָנקלויבען פעטס, אָבער דערפאַר צו אַנדערע אַרביים הויבט ער ניט אָן צו טויגען, אונ עד היום איז ער גע-בליבען אַזוי אונפאָהיג צו אַלסדינג, אויסער קלויבען פעטס פאַר'ן מענשען. דערפאַר אָבער אויף דערויף איז ער אַ בְּרִיָה בעססער פאַר אַלע אַנדערע חיות אונ בהמות.

אַזוי לייכט האָט דער מענש געצאַהמט מעהר ניט ווי אַ הונד אונ אַ חזיר; די איבריגע חיות, וועלכע זיינען גרעססערע בראַ-קירער, עססען שוין ניט אַלסדינג, אונ דערצו עססען זיי גאָר אַנדערע שפייז, ווי דער מענש, איז שוין געווען אַפֿולע שווערער צו צאַהמען, פון דעסטוועגען האָט דער מענש זיי געצאַהמט מיט אַנדערע מיטלען, וועלכע זיינען געוועזן זעהר פיעל. ערשטענס פלעגט דער מע״ש נעהענדיג אויפ'ן יאַגד געפינען אין נעכטען אָדער אין אַ האָהל קליינינקע פאָגעלאַך אָדער חיה'לאַך, וועלכע ער האָט לייכט געקאָנט צוגעהמען לעבעדיגערהייט. דאָ איז שוין לייכט געווען צו פאַללען אויף די המצאה, אַז מען קען די קליינינקע פאָגעלאַך אָדער חיה'לעך אויסהאָדעווען אונ בענוטצען זיי אויף דאָס, אויף וואָס מען פלעגט נוטצען זייערע עלטערען, די ניט געצאַהמטע חיות אָדער פויגלען. ווייבער איז שוין ניט איבריגס שווער

געוועזען צו דערגרעהן, אַז מען קען אונז עס לוינט לכתחילה צו האַלטען בהמות, חיות אונ פֿאָגלאַך, כדי זיי זאָלען זיך פֿלאַנצען. אז מען קען אויף אַזאַ-נ-אופן צאַהמען חיות בעוויזען זעהר פֿיעל צופֿאַללען. ווי מען האָט גענוממען קליינינקע ווילדע חיות אונ מען האָט זיי אויסגעהאָדעוועט צווישען מענשען, זיינען זיי אַזוי צוגעוואָהנט געוואָרען, דאָס מען האָט זיי אפילו גאָר ניט געדאַרפֿט היטען; זיי געהען זיך אַרום פֿריי, ניט צוגעבונדען אונ פֿון דעכט ועגען אַנטלויפֿען זיי ניט. נאָר, נאַטירליך, ניט אַללע חיות זיינען געוועזען פֿעהיג צו ווערען הויזיגע.

אַנדערע מינים חיות האָבען נאָך זייער לעבענס-אַרט בשום אופן ניט געקענט ווערען קיין הויזיגע. אַזוי זיינען, למשל, די רויב-טהיערען, וועלכע מוזען האָבען פֿלייש-שפייז אונ קענען לעבען צוזאַממען מיט'ן מענשען, מעהר ניט ביי בעזונדערע בעדינגונגען, אַז מען זאָל אויף זיי זעהר גוט אַכטונג געבען אונ אויפֿפאַססען, אונ פֿון דעסטוועגען זיינענדיג שוין אפילו אין אַזעלכע פֿערהאַלטניססע, פֿלאָרזוענען זיי זיך אויך זעהר שלעכט. עס פֿערשטעהט זיך, אַז אַזעלכענע חיות האָט דעם מענשען ניט געלוינט צו האָדעווען, סיידען מעהר נישט ווי אויף אַ שפּילכעלע, וואָרום נאָך די גרויסע הוצאות נאָך, וואָס דארף קאָסטען זייער אויפֿפאַססען, ברייננגען זיי כמעט גאָר קיין נוטץ ניט, מעהר ניט זיי קענען זעהר פֿיעל שאָדען אָנטאָהן אויפֿעססענדיג אַנדערע הויזליכע חיות.

פֿון די רויב-טהירען איז מעהר ניט איינע צאַהם געוואָרען, דערפֿאַר אָבער פֿערשאַפֿט עס אַזעלכע אַרבייט צו וועלכע קיינע פֿון די אַללע איבריגע צאַהמע חיות אונ בהמות טויגען ניט: ער ראַטטעט אויס אַלע שאָדליכע חיה'לאַך, וועלכע בעגלייטען אומעטאום דעם מענשען. מיר ריידען דאָ וועגען די קאַטץ. נאָר איינענטליך האָט גאָר ניט דער מענש געצאַהמט די קאַטץ, איהר האָבען געצאַהמט די מייז. די קאַטץ איז צוגעוואָהנט געוואָרען ניט צו שרעקען זיך פֿאַר מענשען, וועלכער האָט באַלד פֿערשטאַנען די נוטצען וואָס זי ברייננגט איהם אונ איז זיך בעגאַנגען מיט איהר מיט חֶסֶד, חאָטשי עססען האָט ער איהר ניט געגעבען. אונ דעם

מענשען איז געוועזן אַפֿולע כְּרַאי'עָר איהר ניט צו געבען עססען אויך איבער דעם, ווײלע וואָס הונגעריגער דיא קאַטץ איז, דאָס פֿלייסיגער האַפט זי די מייז, אונ דאָס רוהיגער איז דעם מענשען. אמת, זי איז אָפֿט אַ בעלנ'הע אַ נאַש צו מאָהן עפּעס וואָס פֿון דעם מענשענס ווירטהשאַפֿט, אָבער דאָס גיט זיך איהר זעהר זעלטען איין, געוויינטליך חאַפּט זי פֿאַר דעם אַ ביטערען פְּסַק.

מען דאַרף ניט פֿאַרגעססען, אַז דיא אַללע בהמות אונ חיות, וועלכע דער מענש האָט געצאַהמט, אדער וועלכע זיינען אַליין געוואָרען צאַהם, זייענדיג שטענדיג צווישען מענשען, זיינען נאָך אָבער אַלץ ניט געוועזן הויזליכע, איבער דיא גאַנץ איינפֿאַכע אורזאַכע, וואָס דער מענש אַליין האָט נאָך אין אָנפֿאַנג ניט געוואָהנט אויף אַ בעשטיממטען אָרט. די חיות אַלזאָ פֿלעגען, מסתמא, מיטשלעפען זיך מיט'ן מענשען פֿון איין אָרט אויפֿ'ן אַנדערען. די קאַטץ האָט זיך איינגעפֿונען נעבען מענשען ערשט דאַנן אַז דער מענש האָט שוין אָנגעהויבען צו בעשאָפֿטיגען זיך מיט'ן זייען אונ פּפֿלאַנצען פֿערשיעדענע תבואות, וואָרום ערשט דאַנן ווערען די פֿעלד-מייז דעם מענשענס בעשטענדיגע בעגלייטער. נאָך דעם זיינען דיא פֿעלד-מייז איבערגעגאַנגען אויף אין דעם מענשענס דירה, אונ אַזוי ווי די קאַטץ עסט זעהר גערנע פֿעלד-מייז איז זי צוזאַממען מיט זיי געוואָרען אַ הויז-טהיער.

אַז דער מענש האָט זיך אויסגעלעהרענט פֿון פֿאָרעמדיגע געוויקסע צו דרעהען שטריק, האָט ער שוין מיט דעם גופא געהאַט געפֿונען אויך אַ נייעם מיטטעל וויא אָנצוחאַפּען אַנדערע חיות לעבעדיגערהייט. מיט אַ שטריק קען מען אויף פֿערשיעדענע ערליי אופנים האַפּען חיות: מען מאַכט פֿון שטריק אַ שלייף אונ מען ווארפֿט דאָס אַרויף אויף די חיה אונ מיט'ן ברעג שטריק, וואָס בלייבט אין האַנד ציהט מען איהר צו, אָדער דער שלייף פֿאַר-ווערגט ביי דער חיה דען האַלדז אונ דאַנן קען שוין דער מענש טהון מיט איהר וואָס ער וויל. די רויטהויטיגע אַמעריקאַנער חאַפּען מיט שטריק היות אויף אַזאַ-נ-א פן: צו די ברעגעס שטריק בינדען זיי צו וואָסערע עס איז שוועערע זאַכען, למשל: שטיינער, אונ גיבען אַ וואָרף די שטריק אויף די חיה אויף אַזאַ-נ-אופן, דאָס

ארויפּפּאַלענדיג די חיה אויפֿען האַלדז אָדער אויף די פּיס, פֿערפלאָנטערען זיי איהר; די חיה פֿאַלט באַלד אַנידער און דער מענש חאַפּט איהר אָן לעבעדינערהייט. אויף אַזאַ־נ־אופֿן חאַפּען די אַמעריקאַנער פֿערד, וועלכע זיי פֿערהויזליכען נאָכדעם.

פֿריהער וויא אַלץ האָט דער מענש געצאַהמט שעפּסען און ציעגען; לכתחילה פֿלעגט מען זיי האָדעווען מעהר ניט וויא אויף פֿלייש און ערשט נאָכדעם האָט מען זיי אָנגעהייבען האַלטען אויך צוליב מילך. מיר ווייסען געוויס, דאָס אין דער פֿערצייטיגע גריכענלאַנד פֿלעגט מען מעלקען ציעגען און שעפּסען, פּונקט וויא ביי אונז איצטער קיה. אין זעהר אַלאַנגע צייט אַרום איז ערשט דער מענש דערגאַנגען, אַז מען קען אויך נוטצען די וואָל פֿון שעפּסען אויף צום וועבען פֿערשיעדענע צייג. נאָר פֿריהער האָט זיך דער מענש געמוזט אויסלערנען בעאַרבייטען פֿאַרעמדיגע געוויקסע און פֿון זיי צו וועבען צייג.

מיר מוזען דאָ בעמערקען, אַז דאָס צאַהמען חיות איז פֿאָר־געקומען אין פֿערשיעדענע אָרטער אויף פֿערשיעדענע ערליי אופֿנים. דהיינו: אין אַנדערע אָרטער פֿלעגט מען האָדעווען קאָמלען, אין אַנדערע אָרטער פֿערד און אין אַדריטען אָרט קיה, הירשען א. ד. ג.. מעהרער וויא אַלץ, פֿערשטעהט זיך, האָט דער מענש פֿערהויזליכט פֿערד און קיה. און באמת, דיא בּיידע בהמות און זייער פֿיעל פֿערשיעדענע מינים פֿון זיי זיינען טאַקי פֿערשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט. מיר רעכענען פֿאַר איבריג צו ריידען דאָ וועגען די וויכטיגקייט פֿון די בהמות פֿאַר דעם מענשענס לעבען, ווייל דאָס איז גאַנץ גוט יעדערען בעוואוסט.

די אַלע חיות און בהמות זיינען שוין איצטער געוואָרען גאָר אין גאַנצען הויזיגע, דער מענש בויט שוין אפילו פֿאַר זיי דירות אויך, וואו צו ווינטערען אָדער צו נאָכטיגען.

מען דאַרף נישט פֿאַרגעססען, אַז דער מענש האָט אָנגעהויבען צו צאָהמען חיות שוין אין יענע צייטען, ווען ער אַליין האָט נאָך ניט געהאַט קיין בעשטענדיגע דירה. עס איז דעריבער, פֿערשטעהט זיך, געווען זעהר שווער אוים צו פֿיהרען, ווייל עס איז געווען דערצו גאַנץ ווייניג מיטטלען. די ערשטע, וואָס דער מענש האָט

געטאָהן אום צו פֿערהויזליכֿען אַ חיה, איז געווען בלתי ספֿק דאָס. וואָס ער פֿלעגט בעשיטצען און אויסהעלפֿען די חיה, וועלכֿע איז איהם געווען נוטציג, מיט אַלץ וואָס ער האָט נאָך זיינע דאַמאָלס־דינע מיטטלען געקענט. דער מענש האָט געזעהען, אַז די חיות לעבען צוזאַממען סטאַדעס־וויז, איבערגעהענדיג פֿון איין אָרט אויפֿען אַנדערען. אין אָנפֿאַנג פֿלעגט דער מענש פֿיהרען אַ יאַגד אויף זיי, נאָר דאָס איז אָבער געווען ניט בעקוועם. די חיות פֿלעגען זיך דער־שרעקען און אַנטלויפֿען אַזוי ווייט, אַז דעם מענשען פֿלעגט נאָך דעם זיין זעהר שווער זיי צוריק אויף צו זוכֿען, און די רויב, די אָנגעגרייטע פֿלייש, פֿלעגט אָדער מכולה ווערען און אין ניוועץ קומען אָדער עס פֿלעגט זיין ווייניג און עס פֿלעגט ניט קלעקען אויף דורך צולעבען ביז דעם אַנדערען יאַגד, ביז עס פֿלעגט זיך נאָך אַ מאָל איינגעבען צו חאַפּען אַ חיה. דאָ איז ערשט דער מענש געקומען ביסלעכֿוויז צום שכל, אַז ער קען דאָך גאָר לעבען מיט די סטאַדעס אַדרבה ואַדרבה, זעהר פֿריינדליך און ווען ער וועט דאַרפֿען וועט ער הרגהנען די אָדער יענע חיה. עס פֿאַרשטעהט זיך, אַז די בהמות וואָלטען מסתּמא ניט געגלויבט דעם מענשען אויפֿען וואָרט, אַז ער האָט שוין איצטער מיט זיי געמאַכֿט שלום, און דעריבער האָט דער מענש געמוזט מיט עפּעס וואָס אַרויסווייזען די בהמות זיין פֿריינדשאַפֿט צו זיי.

און דער מענש האָט צוליב דעם אָנגעהייבען צו פֿיטערען די סטאַדעס. פֿון איצטער\פֿאַלט ער שוין מעהר ניט אָן אויף זיי, נאָר פֿאַרקערט, ער בעשיצט זיי נאָך פֿון אַנדערענס אָנפֿאַללען. ער טרייבט איבער די סטאַדעס פֿון זייער אָרט אין אַנדערע אָרטער, וואו זיי פֿלעגען געפֿינען מעהר קאָרמע פֿאַר זיך. און די בהמה אַליין האָט אָנגעהייבען צו פֿיהלען, אַז דער מענש זאָרגט זיך פֿאַר איהר. עס לעבט זיך איהר איצטער אונטער דעם מענשענס השגחה אַ פֿולע בעסער וויא פֿאַר דעם, און די בהמה פֿיהלט אַז דער מענש איז איהרער אַ גוטער פֿריינד.

אַז דער מענש האָט זיך אָנגעהייבען צו בעשאָפֿטיגען מיט פֿיה־צוכֿט האָט זיך געמוזט, פֿערשטעהט זיך, איבערבייטען זיין לעבענס אַרט. איצטער, זייענדיג אַ פּאַסטוך האָט שוין דער מענש

געזוכט שפייז ניט פֿאַר זיך אַליין, נאָר פֿאַר זיינע בהמות, וועלכע זיינען איצטער געוואָרען זיין עיקר אכילה. ער האָט געמוזט שטענדיג אַרום שלעפּען זיך פֿון איין אָרט אויפֿען אַנדערען. יעדע צייט פֿון יאָהר פֿלעגט איהם צווינגען איבער צו געהן אין דעם אָדער אין יענעם אָרט, וואו ער פֿלעגט געפֿינען מעהר קאָרמע פֿאַר זיינע בהמות.

עס פֿערשטעהט זיך, אַז פֿיהרענדיג אַזא לעבען, איז אונמיגלעך געוועזן צו בעשעפֿטיגען זיך מיט ערד־אַרבייט, ווייל זייענדיג אַ פּאַסטוך פֿלעגט דעם מענשען אויסקומען נאָך־אַנאַנד צו בייטען זיין וואָהנאָרט.

מיט דער צייט האָט אָבער דער מענש אָנגעהייבען צו קלערען ווי צו פֿערבעססערען דעם לעבען פֿון זיינע בהמות אויף ווינטער־צייט. דאַמאָלס קומט אויס די בהמות צו הונגערען אונ אין די אָרטער, וואו עס פֿאַלט אָן שנעע, קומט זיי אויס אַרויסצוגראָבען פֿון אונטער די שנעע פֿערפֿראָרענע גראָז. דער מענש האָט זיך מיישב געוועזן, אַז מען מוז אָנקלייבען פֿאַר די בהמות גראָז פֿון זוממער אויף ווינטער. אונ אַזוי ווי בהמות האָט דער מענש געהאַט זעהר פֿיעל, דעריבער פֿלעגט ער מוזען אָנגרייטען זעהר פֿיעל היי.

אַנדערע געלעהרנטע רעכענען, אַז לכתחילה זיינען טאַקי די פֿעלקער איבערגעגאַנגען צו ערד־אַרבייט, מעהר ניט צוליב דעם, אַז זיי זאָללען האָבען גענוג שפייז פֿאַר זייערע בהמות, אונ ערשט נאָך דעם האָבען זיי אַליין אויך אָנגעהייבען צו עססען די זעלביגע געוויקסע, וועלכע זיי פֿלעגען זייען פֿאַר זייערע בהמות.

עס קען גריילעך זיין, אַז אַזוי איז טאַקי געוועזן, נאָר מיר מוזען דאָ בעמערקען, אַז ניט אין אַלע אָרטער איז דאָס פֿאָרגעקומען אויף איין אופן. אין אַנדערע אָרטער, וואו עס איז געוועזן אַ פֿולע תבואה־שפייז, האָט דער מענש מסתמא פֿריהער גענוטען זיך פֿאַר'ן זייען אונ פֿפֿלאַנצען פֿערשיעדענע תבואה אונ פּרות; אונ אין אַנדערע אָרטער, וואו עס איז געוועזן אַפֿולע חיות, האָט דער מענש געווים אָנגעהייבען צו צאָהמען די חיות אונ דאָס האָט איהם געבראַכט דערצו, אַז ער זאָל נאָך דעם איבערגעהן צו ערד־אַרבייט.

ביי אַ פֿולע פֿעלקער האָט דאָס ווידער געקענט פֿאָרקוממען

גאָר צוזאַממען. און באמת טרעפען מיר טאַקי אַ פולע פאָלקער, וואָס לעבען זעהר פערשיעדען איינער ווי דער אַנדערער. אַנדערע פאָלקער, געפינען מיר, ווייסען מעהר ניט ווי זייערע סטאַדעס, און מיט ערד־אַרבייט בעשעפטיגען זיי זיך גאָר ניט, אַנדערע ווידער בעשעפטיגען זיך דורכאויס מעהר נישט מיט ערד־אַרבייט און ווייסען כמעט גאָר ניט וויא מען צאָהמט חיות.

די נאָמאדען־פאָלקער וואַנדערען געוויינטליך אַרום אין די גרויסע מדבריות וואו זיי געפינען זעהר פיעל גוטע קאָרמע פאַר זייערע סטאַדעס בהמות. ביי אונז אין רוססלאַנד האָבען פאַרצייטען אַרום געוואַנדערט אין דיא דרום־רוסישע מדבריות אַ פולע אַ זעלכע פאָלקער: פאָלאָווצער, פעטשענעגען און אַפולע אַנדערע. און עד היום איז נאָך ביי אונז פאַראַן אַזעלכע נאָמאדען־פאָלקער, דהיינו די קירגיזען, די טאַטאַרען, וועלכע האָבען אין XIII יאַהר־הונדערט איינגענומען רוססלאַנד, זיינען אויך געוועזען אַזעלכע נאָמאדען, און אפילו איצטער נאָך וואַנדערען אַרום אין דיא אַזיאַטישע מדבריות אַ פולע גרויסע מאָנגאָלישע שבטים.

איצטער דאַרפען מיר בעטראַכטען די מיטטלען, וואָסערע דער מענש האָט געפונען איבער צו שיפען זיך איבער'ן וואַססער. אַללע פערשיעדענאַרטיגע לאָדקעס, שיפלעך, קאָראַבלעס א. ד. ג. זיינען אין גרונד ריידענדיג אַלע נישט מעהר ווי איין מין: אַ לייכ־טער, ביי די ברעגעס קיילעכדיג, הילצערנער קאָרפער מיט איין אויסהאָהלונג אינוויניג.

וואָהנענדיג לעבען טייך, האָט שוין דער מענש פון לאַנג געוויס בעמערקט, אַז אַנדערע קאָרפער געהען אין וואַססער צום גרונד, און אַנדערע האַלטען זיך אויפען וואַססער; פון דעסטוועגען האָט ער נאָך אַלץ ניט געקענט אויסמייסטערען עפעס וואָס עס איז פאַר אַ מאַכעריי צום שווימען איבער'ן וואַססער. אַרויף פיהרען אויפ'ן שכל, אַז עס איז מאָגליך צו שווימען איבער וואַססער מיט דער הילף פון אַ לייכטע זאַך, וועלכע פאַלט ניט צום גרונד, האָט איהם געקענט אַזא צופאַל: אַ מאָל טרינקענדיג זיך האָט דער מענש געקענט אָנחאַפען זיך אָן אַ קלאָטץ אָדער אַ ברעט, וואָס זיינען אַרום־געשוואומען אין וואַססער. דאָ האָט שוין דער מענש לייכט געקענט

בעמערקען, אַז די הילצערנע זאַך האָט איהם אָבגעהאַלטען אויפ'ן וואַססער; אונ נאָך אַזאַ צופאַל האָט שוין דער מענש, אַז עס איז איהם אויסגעקוממען צו שווימען, געקענט בכיון מיטנעהמען מיט זיך אַ ברעט אָדער אַ באַלקען. איצטער אפילו מאַכט זיך נאָך אויך אַז אין די דערפער באָדט מען זיך מיט אַ ברעט, אָנשטאָדט פענכערס.

דער אורמענש האָט בלתי ספק פאַר דעם אויך געקענט גוט שווימען, איצטער אָבער, אַז ער איז דערגאַנגען, אַז האָלץ האַלט איהם אויף אויפ'ן וואַססער אונ לאָזט איהם ניט פאַללען צום גרונד, האָט זיך איהם געוואָלט האָבען דערפון מעהר טובה, ער האָט געוואָלט אויסמייסטערן אַזא מין זאַך, אַז איהם זאָל גאָר ניט אויסקומען צוא ליגען אין וואַססער, נאָר ער זאָל קענען זיטצען אויף די זאַך. דער מענש האָט אָנגעהייבען צו קלעהרען וועגען דעם אונ איז לייכט געפאַלען אויף אַ פלאַן. מען האָט פעסט צוזאַמענגעבונדען איינע מיט דעם אַנדערען עטליכע באַלקענס אונ עס האָט זיך בעקוממען אויף אַזאַ־נ־אופן אַ פ ר אָ ם. דערמיט קען מען פאָהרען וואו מען וויל. אַראָב וואַססער געהט עס אַליין אונ אין די זייטען אָדער אַרויף וואַססער דאַרף מען דאָס אָפּשטופען מיט אַ לאַנגען פלאָקען, אָבשפאַרענדיג אָן גרונד טייך.

שווימענדיג אויפ'ן פראָם האָט דער מענש געקענט לייכט בעמערקען, אַז אין אַ ווינד געהט דער פראָם גיכער, אַז דער ווינד טרייבט דעם פראָם; בעמערקענדיג דאָס, איז דער מענש געפאַלען צו מאַכען אויפ'ן פראָם אַ זעגעל.

עס פערשטעהט זיך, אַז דער זעגעל איז בעשטאַנען נאָר פון דאָס, וואָס דער אורמענש האָט מיט זיין דאַמאָלסדיגען שכל אונ מיטטלען געקענט אויסטראַכטען אונ מאַכען. עס קען גרייליך זיין, אַז לכתחילה פלעגט מען נוטצען אָנשטאָט אַ זעגעל אַ ראָגאָזשע, וועלכע מען פלעגט אויספלעכטען פון מאָצאַלקע אָדער אין אַנדער מין צייג, וועלכע דער אורמענש פלעגט וועבען פון פאָרעמדיגע געוויקסע, אונ עס קען זיין, אַז פון אָנהייב פלעגט דער מענש מאַכען זעגלען גאָר ניט פון קיין וועבעכץ, נאָר איינפאַך, פון אַ גרויסע שטיק קאָרע אָדער לוב.

נאָר דער מענש האָט זיך ניט נעקענט בענוגענען מיט דערמיט אַליין, ווייל פֿאָהרען אויף אַ־נ־אומגעלומפּערטען פּראָם איז זעהר ניט בעקוואֶם, דערצו קען מען איהם ניט קירעווען וואו מען וויל, אונ דעריבער הייבט אָן דער מענש צו זוכען בעססערע מיטטלען ווי צו שיפֿען זיך איבערן וואַססער. דער מענש האָט לייכט געקענט בעמערקען, אַז אַ גרויסער קלאָטץ קען אויך אָבהאַלטען אַ מענשען אויפֿ'ן וואַססער אונ איהם ניט לאָזען געהן צום גרונד, דער גאַנצער חסרון איז מעהר ניט, וואָס דער באַלקען דרעהט זיך אין וואַססער, אונ אַז מען זאָל זיך אויף איהם שטעלען קולעט ער זיך איבער אונ מען קען אַריין פֿאַלען. פֿון דעסטוועגען מאַכט זיך אַמאָל אַנדערע באַלקענס, וואָס דרעהען זיך ניט אין וואַססער; דאָס זיינען אַזעלכע, וועלכע זיינען חאָטשי פֿון איין זייט אַביסעל אַרום געטעסעט.

איצטער האָט שוין דער אורמענש, אום צו מאַכען אַ שיפֿעל, אַזוי ווי די איצטיגע קאָרעטקעס, געדאַרפֿט מעהר ניט אויכהאַקען אין אַזאַ באַלקען פֿאַר זיך אַ־נ־אָרט, וואו זיך צו זעטצען. אין אונזערע צייטען, שוין מיט גומע געצייג איז דאָס אויך ניט קיין גרינגע אַר־בייט אויסהאַקען אין אַ באַלקען אַ בית־קיבול, היינט ווי שוועהר פֿלעגט שוין דאָס אָנקומען דעם אורמענש, וועלכער האָט געהאַט מעהר ניט ווי אַ שטיינערנע האַק? מעהר ניט, עס איז געווען אֶין ברירה אונ דער מענש פֿלעגט טאַקי אין אָנהייב האָרעווען אויף דעם זעהר לאַנג. מעהר ניט נאָך דעם איז ער באַלד געפֿאַלען אויפֿ'ן פּלאַן, אַז מען דאַרף גאָר ניט האַקען, נאָר מען קען בעססער אויסברענען אין באַלקען אַ־נ־אָרט, וואו זיך צו זעטצען: ער פֿלעגט פֿון־אַנדער־לייגען אויפֿ'ן באַלקען פֿייער, האַלטען אַ וויילינקע אונ באַלד פֿערלאָשען; נאָכדעם פֿלעגט ער אויסקראַצען דיא פֿאַר־ברענטע אונ נאָך אַמאָל מאַכען פֿייער אונ אַזוי כסדר, ביז אין באַלקען פֿלעגט זיך אויסברענען אַ רעכטע אויסהאָהלונג, וועלכע מען האָט געדאַרפֿט.

איצטער איז שוין ניט שוועהר געווען אויסצובעססערן די זעלביגע קאָרעטקע, אונ מיט דער צייט ביסלעכווייז אויסבעססערענדיג די זעלביגע קאָרעטקע האָבען זיך מענשען אויסגעלעהרנט מאַכען די שיפֿלאַך, וועלכע מיר ניטצען נאָך איצטער אויך.

צוזאַממען מיט דערמיט האָבען זיך מענשען אויסגעלערנט מאַכען שיף־לאָפּאטקעס (וויאָסלעס). זיי זיינען געמאַכט אויף דעם אופן ווי דעם מענשענס האַנד.

מיט דער צייט האָט מען דאָס אַלץ מעהרער און מעהרער אויסגעבעססערט; מען האָט אָנגעהייבען צו מאַכען שיפלאַך פון ברעטער און אַרום שלאָגען מיט פעל, אָדער אויסקלעבען מיט פעך, כדי עס זאָל ניט אַריינציהען קיין וואַססער. מיט איין וואָרט, מען הייבט אָן צו מאַכען אַלץ גראָססערע און בעססערע שיפען, זעגלען, ביז די איצטיגע גרויסע זעגעל־שיפּפען.

איצטער, אַז דער מענש האָט שוין געפונען אַ מיטטעל ווי צו שיפען זיך איבער'ן וואַססער, האָט ער שוין ניט נאָר געקענט בעססער און בעקוועמער בעשעפטיגען זיך מיט פיש־חאַפּעריי, נאָר ער האָט שוין אויך געקענט גיכער טרעפען זיך מיט אַנדערע מענשען; אַ חוץ וואָס די לאָדקע האָט פערלייכטערט דעם אורמענשען זיין חיונה, האָט זי איהם אויך געדיענט אַלס אַ פערבינדונגס־מיטטעל, קאָממוני־קאַציאָנס־מיטטעל, ער האָט שוין איצטער גיכער געקענט האָבען אַ פערקעהר מיט אַנדערע מענשען, וועלכע האָבען געוואָהנט פון יענער זייט וואַססער. עס פערשטעהט זיך, אַז מיר רעדען מעהר ניט פון אַזעלכע וואַססערען, איבער וועלכע מען האָט געקענט בעקוועם פאָהרען מיט אַ שיפעל.

איבערפאָהרענדיג אויף אַ שיפעל פון איין אינזעל אויפ'ן אַנדערען פלעגט דער מענש געפינען נייע אָרטער, וואו צו בעזעטצען זיך, און אויף אַזאַ־נ־אופן זיינען מענשען אַלץ מעהרער און מעהרער פער־שפרייט געוואָרען איבער'ן ערד־קוגעל.

און בכלל ריידענדיג האָט טאַקי דאָס שיפען זיך איבער'ן וואַססער געשפּיעלט אַ גרויסע ראָליע אין דער הינזיכט, בעזאָנדערס אין יענע אָרטער פון דער ערד, אַרום וועלכע עס איז פאַראַן אַ פולע אינזלען ווי, למשל, אויסטראַליע.

ביז איצטער האָבען מיר נאָך אַלץ ניט גערעדט וועגען דעם אורמענשס קליידער. מיר האָבען ניט גערעדט דערפאַר, ווייל, ווי מיר האָבען שוין פריהער געזאָגט, האָט ער דאָך אין אָנהייב געוואָהנט אין די וואַרעמע לאַנדער, אמת, צייטען־ווייז אין אַ שלעכטע

פּאָגאָדע פֿלעגט איהם א פֿולע ווארפֿען א צאָהן אָן א צאָהן, אָבער פֿון דעסטוועגען האָט דער אורמענש א צייט וועגען דעם גאָר ניט געקלעהרט, ווייל עס איז געווען גענוג קאָפּף־דרעהעניש א חוץ קליידער און ווי נאָר עס פֿלעגט פֿערביי געהן די שלעכטע פּאָגאָדע און די זונן פֿלעגט ווייטער אָנהייבען צו ווארעמען, אַזוי פֿלעגט שוין דער מענש פֿארגעססען אָן דעם. און אַז דער מענש האָט אָנגעהייבען צו בענוטצען זיך מיט פֿייער איז איהם נאָך וועניגער נאָטהיג געווען קליידער, ווארום ביי טאָג פֿלעגט איהם ווארעמען די זונן און ביי נאַכט פֿלעגט ער מאַכען פֿייער און זיך ווארעמען געבען איהם.

בינו לבינו ווי לאַנג דער מענש האָט געוואָהנט אין די ווארעמע לאַנדער, איז קליידער ביי איהם געווען די לעצטע דאגה. נאָר ווי דער מענש האָט אָנגעהייבען איבער צו געהן פֿון די ווארעמע לאַנדער אין די קאַלטע, אַזוי האָט ער שוין אָנגעהייבען זאָרגען וועגען קליידער.

די ערשטע זאַך, פֿערשטעהט זיך, האָט דער מענש בענוטצט אַלס קליידער די זאַכען, וועלכע די נאַטור פֿלעגט איהם געבען פֿארטיגע. דער מענש האָט אויך בעמערקט, אַז די אַלע חיות, וועלכע וואָהנען צוזאַממען מיט איהם, דאַרפֿען ניט קיין שום קליידער; מעהר ניט וואָס? זיי געהען ווארעמער פֿאַר'ן מענשען אָנגעטאָהן: אין בעססערע אָדער ערגערע, אָבער אַלץ אין פעלצלאַך. און דעריבער האָט דער מענש, ניט האָבענדיג קיין אַנדער מיטטעל, די ערשטע זאַך אָנגעהייבען צו בעדעקען זיין נאַקעטקייט מיט די פֿעלען פֿון די געהרגה'טע חיות.

עס פֿערשטעהט זיך, אַז א־נ־אָבגעשונדענע פֿעל פֿון אַ חיה איז גיט איבריגנס בעקוואָם צו טראָגען: עס איז האַרט, שוועהר. דעם אורמענשען איז דאָס טאַקי אויך ניט געפֿאָליג געוועזען און ער האָט אָנגעהייבען צו קלעהרען, ווי מען קען מאַכען די פֿעל ווייכער און לייכטער; ער פֿלעגט די פֿעל וויקען, רייבען, קראַטצען און שאָבען און אויף אַזא־נ־אופן פֿלעגט טאַקי ווערען בעססער צום טראָגען. מיט דער צייט איז אויך דער מענש דערגאַנגען מאַטעריאַלען וועלכע געבען שוין צו דער פֿעל אַזא ווייכקייט, אַז מען דאַרף גאָר ניט בעססער. עס איז שוועהר צו זאָגען, ווי אַזוי דער מענש איז דערגאַנגען די גאַרבערשע מאַטעריאַלען. נאָר דאָס ווייסען מיר געוויס

אַז אַ פּוּלע פֿאָלקער, וועלכע געפֿינען זיך נאָך אויף אַ זעהר נידריגע סדרגה, ווייסען שוין פֿון רעסטוועגען וואָס פֿאַר אַ פעוּלה השתּנה מאַכט אויף אַ פֿעל.

נאָכדעם, אַז מען איז דערגאַנגען אַ מיטטעל, ווי צו וועבען צייג פֿון פֿערעמדיגע געוויקסע, האָט מען אָנגעהייבען צו מאַכען קליידער פֿון פֿערשיעדענע וועבונג. אין אָנהייב, פֿערשטעהט זיך, פֿלעגט מען זיך אײנפֿאַך אײנוויקלען אין אַ שטיק אַזעלכענע וועבעכטס, נאָכדעם האָט מען אָנגעהויבען ביסלעך־ווייז צוזאַממענצונאָהען בעזונדערע שטיקלעך צייג צוזאַממען. אָנשטאָרט נאָדלען פֿלעגט מען נוטצען דיענע ביינדלאַך פֿון פֿיש. די ערשטע בגדים פֿלעגען אויסזעהען ווי אַ העמד אָן אַרבעל, נאָר מיט דער צייט האָט מען זיך שוין אויסגעלעהרנט נאָהען מיט אַרבעל אויך.

זעהר אָפֿט איז אונמעגליך צו אונטערשיידען קליידער פֿון ציערונג. פֿיעל פֿאָלקער, וועלכע ווייסען נאָך גאָר ניט פֿון קליידער, זיינען זיך נוהג אָן צו טשעפּענען צו זיך פֿערשיעדענע זאַכען פֿון אַ ציערונג וועגען. געוויינטליך הייגען זיי זיך אַרום מיט די אַללע זאַכען אָהן אַ שום סדר, ווי עס פֿאַלט זיי אַריין אין קאָפּ אונ ווי נאָך זייער מיינונג נאָך איז שאָהנער. געוויינטליך בעדעקען די אויפֿגעהאַנגענע זאַכען ניט זייער קאָרפּער, אונ אויב עס מאַכט זיך אַ מאָל אַז די אויפֿגעהאַנגענע זאַכען בעדעקען יאָ אַנדערע טהייַלען פֿון קאָרפּער, איז דאָס נישט מעהר ווי אַ מקרה זאַך, ווייל עס מוז דאָך פֿערנעהמען אַ־נ־אָרט אויפֿ'ן קאָרפּער, אָבער לכתחילה האָט גאָר דער מענש ניט געהאַט אין זינען צו צודעקען זיך אונ מיט דעם זיך צו בעשיטצען פֿון קעלט.

מיר מוזען אַלזאָ אונטערשיידען אין אורמענשענס קליידער צוויי מינים: אַנדערע זאַכען טראָגט ער, אום צו בעשיטצען זיך דורך דעם פֿון קעלט, אונ אַנדערע זאַכען הייגנט ער אָן אַרום זיך סתם אַזוי, פֿון סטאַט וועגען. געוויינטליך, זיינען די ביידע זאַכען פֿעראייניגט; דער מענש סטאַרעט זיך צו מאַכען די קליידער וועלכע ער מוז טראָגען איבער די קעלט, אויך וואָס שאָנער, ער נאָהט דעריבער אויס אויף זיינע קליידער פֿערשיעדענע בלוממען, גיט זיי צו אַ שאָנערע פֿאָרמע, אַלץ כּדי זיי זאָלען אויסזעהען שאָנער.

וואָס נאָטהיגער עס ווערט פֿאַר דעם מענשען קליידער. דאָס ווענינגער קלעהרט ער וועגען ציערונג. למשל, ביי די פֿעלקער, וועלכע עס וואָהנען אין די וואַרעמע לענדער אונ נייטהיגען זיך דעריבער ווענינגער אין קליידער, געפֿינען מיר פֿיעל פֿערשיעדענע ציערונג. דאָס פנים מיט דעם לייב פֿאַרבען זיי אוים מיט אַלערליי מינים פֿאַרב, שטעקען אָן אין די האָהר פֿעדערען פֿון פֿעגלעך, אונ אַנדערע פֿערקאָממען די האָהר גופֿא אויך אונ פֿלעכטען אוים צאָפּ מיט אַלערליי מיני דרעהדליך. דאָס איז אַלץ, פֿערשטעהט זיך, ניט פֿון וואַרעמקייט וועגען, נאָר פֿון סטאַט. אונ פֿאַרקעהרט איף צפון, אין די זעהר קאַלטע אָרטער, וואו עס איז שטענדיג דאָ שנעע אונ אייז, געפֿינען מיר מענשען, וועלכע זיינען אין גאַנצען פֿון קאָפּ ביז די פֿיס איינגעוויקעלט אין פֿעלען פֿון חיות, אונ מען זעהט בעשיינפערליך, ווי יעדער טהייל בגד איז פונקט צוגעריכט צו די בעוועגונגען, וועלכע עס דאַרף מאַכען דער אבר, וואָס דער טהייל בגד פֿערדעקט. קליידער, זעהען מיר אַלזאָ, קענען בעססער מאַכען די פֿעלקער, וועלכע עס וואָהנען אין די קאַלטע אָרטער אונ נאָטהיגען זיך דעריבער אין קליידער מעהרער ווי די אומות, וואָס וואָהנען אין די וואַרעמע לענדער; אָבער ציערונג דערפֿאַר זעהט מען דאָ כמעט גאָר ניט. דאָס שענקייט פֿון אַ בגד בעשטעהט ניט, ווי אין די וואַרעמע לענדער, אין די בעפוטצונג, נאָר אין די שענקייט פֿון די צייג גופֿא, ד. ה. אין די שענקייט פֿון די פֿעל, פֿון וועלכע זיי נאָהען זייערע בגדים.

איצטער בלייבט אונז נאָך צו דערצעהלען וועגען דעם, ווי אַזוי דער מענש איז דערגאַנגען צו בעאַרבייטען מעטאַללען.

דאָס ערשטע מעטאַלל, וועלכע דער מענש האָט דערוואוסט, איז געוועזען קופער. קופער געפֿינט מען אין דער נאַטור ריינע אונ דער מענש האָט לייכט געקענט געפֿינען שטיקלעך קופער. דער מענש האָט באַלד געקענט בעמערקען, אַז די שטיקלעך קופער, וועלכע ער האָט געפֿונען, האָבען גאָר אַיין אַנדער טבע ווי די שטיינער, וועלכע ער פֿלעגט נוטצען — קופער איז ווייכער פֿאַר שטיין אונ עס שפאַלט זיך ניט אַזוי אויף שטיקלאַך, ווי שטיין, מעהר ניט, אַז מען גיט דאָס אַ גרויסען קלאַפּ, בייט עס איבער די

פֿאָרמע. דער מענש, פֿערשטעהט זיך, איז געווען מלא שמחה, וואָס ער האָט געפֿונען אַזא וויכען שטיין, וואָס נעמט לייכטער פאר אַלע שטיינער אָן די פֿאָרמע, וואָס מען דאַרף. אָבער דערפֿאַר איז דאָס קופּער אין אַנדערע אופֿנים געװען ערגער פֿאַר שטיין, וואָרום עס איז שוין צו וויך און דעריבער האָט עס ניט געטייגט אויף צום מאַכען דערפֿון געצייג; מען האָט עס געקענט נוטצען מעהר ניט ווי אויף אַ ציערונג. באַלד נאָך דעם איז דער מענש דערגאַנגען, וואָס פֿאַר אַ ווירקונג עס מאַכט פֿייער אויף דעם נייעם שטיין: ער איז דערגאַנגען, אַז קופּער שמעלצט זיך, און דערגעהן האָט דאָס דער מענש געקענט זעהר לייכט, וואָרום, ווי מיר האָבען שוין פֿריהער געזאָגט, פֿלעגט דעם מענשען אָפֿט אויסקוממען אָנצובּרענען שטיינער צום בראָטען פֿלייש אָדער צום זידען וואַססער. דער מענש האָט צוליעב אַזא ציעל געקענט אַריינוואַרפֿען אין פֿייער דעם נייען שטיין אויך, און אויף אַזא=ן=אופֿן איז דער מענש דערגאַנגען, אַז קופּער צושמאֶלצט זיך אין פֿייער.

אין אָנהייב האָט דער מענש ניט געוואוסט די נפֿקא מינה צווישען מעטאַלל און אַנדערע שטיינער, דעריבער פֿלעגט ער דאָס בענוטצען אויף די אַלע זאַכען, צו וועלכע ער פֿלעגט נוטצען שטיינער. עס האָט זיך איהם געוואָלט מאַכען דערפֿון געצייג אויך, אָבער דאָס האָט זיך איהם ניט געגעבען אַזוי לייכט. זעהר לאַנג האָט דער מענש געהאָרעוועט ביז ער האָט געפֿונען אַ מיטטעל, ווי אַזוי צו פֿערפֿאַרטיגען פֿון מעטאַלל געצייג. אויף צום מאַכען געצייג פֿאָדערט זיך זעהר אַ האַרטעס מעטאַלל. מיט דער צייט האָט אָבער דער מענש געפֿונען אַ מיטטעל: ער האָט אָנגעהייבען צו מאַכען געצייג פֿון בּ ר אָ נ ז. דאָס איז גענוג האַרט.

נאָר אין דער נאַטור געפֿינט מען ניט קיין פֿאַרטיגע בראָנז. דאָס איז אַ קינסטליכע צוזאַממענשמאֶלצונג פֿון קופּער מיט צין. עס פֿערשטעהט זיך, אַז דער מענש האָט אַפֿריהער נאָך געדאַרפֿט געפֿינען צ י ן, דערגעהן, אַז עס שמאֶלצט זיך און נאָכדעם דערוויססען זיך, אַז צוזאַממענשמאֶלצענדיג צין מיט קופּער, וועט מען בעקוממען אַ מעטאַלל, וועלכעס וועט זיין האַרטער פֿון יעדערעס פֿון זיי בעזונדער.

דאָס אַללעס דערגעהן האָט דער מענש געקענט מעהר ניט בײ זעלטען גוטע בעדינגונגען. מיר קענען ניט אויפֿווייזען די אַללע בעדינגונגען, נאָר דאָס איז זיכֿער, אַז דערגעהן דאָס האָט מען געקענט נאָר אין אַזא קאַנט וואו עס איז דאָ אי קופּער, אי צין. אַ זעלכֿענע ערטער איז אָבער אויפֿ׳ן ערד־קוגעל דאָ זעהר וועניג, אונ דעריבער טאַקי קענען מיר וויססען פונקט פֿון וועלכֿע אֶרטער עס האָבען זיך געקענט פֿערשפרייטען אויף דער וועלט בראָנזענע געצייג.

אַז אַללע בראָנזענע געצייג קוממען אַרויס פֿון איין אָרט, זעהט מען בעשיינפערליך דערפֿון, וואָס אַללע בראָנזענע זאַכֿען, וועלכֿע מען געפֿינט איצטער אין דער ערד, זיינען זעהר אֶהנליך איינע צו דער אַנדערע. מען רעכֿענט, אַז בראָנז האָט זיך פֿערשפרייט פֿון איין אָרט אין אַזיע. צווישען אוראַל אונ אַלטאַי איז פֿאַראַן אַ=נ=אָרט, וואו עס געפֿינען זיך די ביידע מעטאַללען, פֿון וועלכֿע מען בעקומט בראָנז: אי קופּער, אי צין.

בערך אין דער זעלביגער צייט, אונ אַנדערס וואו קען זיין אפֿשר נאָך פֿריהער, האָט מען שוין אָנגעהייבען צו נוטצען אַ י י ז ע ן אויך.

אַייזען, וויא עס איז בעוואוסט, איז זעהר אַ האַרטעס מעטאַלל; בעאַרבייטען איהם איז זעהר שוועהר, אונ ניט אַללע האָבען געקענט בייקוממען אַזא האַרטען מעטאַלל. די שמידען, וועלכֿע פֿלעגען זיך בעשעפֿטיגען מיט׳ן אויסאַרבייטען כלים אונ געצייג פֿון אַייזען, פֿלעגט מען פֿאַרצייטען האַלטען פֿאַר מכשפים, ערשטענס דערפֿאַר, וואָס זיי פֿלעגען קענען מאַכֿען אַ זעלכֿע אַרבייט, וואָס קיינער קען דאָס ניט; צווייטענס דערפֿאַר, וואָס די שמידען פֿלעגען געוויינטליך קומען צו אַ זעלכֿע פֿאָלקער, וועלכע האָבען קיין ידיעה ניט געהאַט וועגען אַייזען. אונ אַלס אַ פֿרעמדע אומה, וועלכע לעבט זיך פֿאַר זיך, אין גאַנצען אָבגעטהיילט פֿון די אָרטיגע מענשען, האָבען די שמידען נאָך מעהר געמאַכט אַ=נ=אַיינדרוק אַלס מכשפים. דיעזע מיינונג איז נאָך עד־היום ניט פֿערשוואונדען געוואָרען אין גאַנצען. אין אַנדערע אֶרטער פֿון רוססלאַנד האַלט מען נאָך איצטער אויך די שמידען פֿאַר מכשפים.

ג אָ ל ד אונ ז י ל ב ע ר איז שוין אויך געוועזען בעוואוסט

גאָר פֿאַרצייטען. עס איז איבריג צו זאָגען, אַז די ביידע מעטאַללען זיינען ניט אומעטום געווען גלייך בנמצא. אין אַנדערע אָרטער איז געווען מעהר בנמצא גאָלד, אין אַנדערע — זילבער. גלייך אין אָנהייב האָבען מענשען גענוצט די ביידע מעטאַללען מעהר נישט ווי אויף ציערונג, זיי פֿלעגען מאַכען דערפֿון האַלדז־באַנדער, בראַסלעטען, רינגען און פֿלעגען דאָס אָנטאָהן אויפ׳ן האַלדז, אויף די האַנד און אויף די פֿיס.

אַז די אייראָפּעער האָבען געפֿונען אַמעריקא זיינען זיי זעהר נתפעל געוואָרען אַז זיי האָבען דערזעהן ביי די ווילדע אַמעריקאַנער שבטים גילדערנע ציערונג.

שוין גאָר פֿאַרצייטען זהאָט מען אָנגעהייבען צו ניטצען גאָלד און זילבער אויך אַלס געלד. אין אונזערע צייטען האָט גאָלד אויך פֿערשיעדענע בעשטימונגען, מען נוטצט דאָס אַלס ציערונג, אַלס געלד און נאָך אַנדערע זאַכען. אַלס געלד דיענט מעהר ניט דאָס גאָלד, וועלכע האָט אַ געוויססע פֿאָרמע און אַ געוויססע וואָג, ד. ה. גילדערנע מטבעות. אַז מען זאָל אָבברעכען פֿון אַ אימפּעריאַל אַ שטיקעל גאָלד, קען מען דאָס ניט פֿערקויפֿען אַלס געלד, נאָר אַלס גאָלד. פֿערצייטען אָבער האָט דאָס גאָלד, וועלכע מען האָט אָנגעהייבען צו ניטצען אַלס געלד, ניט אויפֿגעהערט צו זיין אַ צירונג. מען פֿלעגט דאָס טראָגען אַזוי ווי פֿאַר דעם אויפ׳ן האַלדז, אויף די קליידער, אויף די האַנד און די פֿיס, מעהר ניט אַז מען פֿלעגט דאַרפען קויפֿען עפּעס וואָס און צאָהלען מיט גאָלד, פֿלעגט מען אָבברעכען פֿון די ציערונג וויפֿיעל מען האָט געדאַרפֿט און דאָס אַוועקגעבען דעם פֿאַרקויפֿער אַנשטאָדט געלד. די פֿאַרצייטיגע מענשען פֿלעגען אַרומוויקלען אַרום האַלדז לאַנגע גילדערנע אָדער זילבערנע ריטטער, וועלכע האָבען אין יענער צייט געדיענט אַלס געלד. ווי אַזוי און פֿאַר וואָס מענשען האָבען אָנגעהייבען צו ניטצען די טהייערע מעטאַללען, גאָלד און זילבער, אַלס געלד, וועגען דעם וועללען מיר רעדען שפּעטער.

מעטאַללען בכלל זיינען ניט אומעטום בנמצא, ניט יעדער אַ׳ינציגער אָרט אויף דר׳ערד האָט אין זיינע בערג גאָלד, זילבער, אייזען אָדער אַנדערע מעטאַללען. עס האָט זיך דעריבער געקענט

בריטַ פֿאַרשפּרייטען איבער דער וועלט נאָר צוליעב די אָפּטע פֿערקעהרען, וועלכע מענשען פֿון פֿערשיעדענע אֶרטער האָבען געהאַט צווישען זיך. מיר האָבען אָבער אַ פֿולע ראיות, אַז פֿערשיעדענע מעטאַללען זיינען אין זעהר פֿיעל אֶרטער געווען בעוואוסט שוין גאָר פֿערצייטען; דערפֿון איז געדרונגען, אַז מסחר צווישען פֿערשיעדענע פֿאֶלקער האָט שוין עקסעסטירט אויך אין יענע גאָר אַלטע צייטען. מענשען פֿלעגען, איבערפֿאָהרענדיג פֿון איין לאַנד אין די אַנדערע, מיטנעהמען מיט זיך פֿערשיעדענע פּראָדוקטען, וועלכע מען פֿלעגט אויסאַרבייטען אין זייער לאַנד, אונ פֿלעגען דאָס פֿאַרקויפֿען אין די אֶרטער, וואו זיי פֿלעגען קוממען, אויף פּראָדוקטען, וועלכע מען פֿלעגט אויסאַרבייטען אין יענע אֶרטער, אונ אויף אַזא נ= אופֿן זיינען זיי געוואָרען האַנדעלס=פֿאֶלקער. אין די ערשטע צייטען פֿערשטעהט זיך, פֿלעגען זיך בעשאֶפֿטיגען מיט מסחר נאָר די נאָמאדען אָדער וואַנדערער.

נאָכדעם, אַז מענשען האָבען זיך אויס געלעהרענט פֿאָהרען אויף שיפֿען איבער'ן וואַססער, האָבען זיך אָנגעהייבען צו בעשאֶפֿטיגען מיט מסחר די פֿאֶלקער, וועלכע עס פֿלעגען וואָהנען אַרום די ימים, ווייל זיי זיינען געווען זעהר גוטע ים=רייזענדע, זיי האָבען געקענט גוט שיפֿען זיך. דאָס זיינען אויך געווען אַזא מין נאָמאַדען, ים=וואַנדערער. פֿערצייטען זיינען אַלזאָ געווען סוחרים, נאָר רייזענ= דער, דערצו גראָסטען טהיילס אויסלאֶנדער.

אויך ביי אונז אין רוססלאַנד פֿלעגען פֿערצייטען קומען אַ זעלכע געסט, ד. ה. אויסלאֶנדער, וועלכע פֿלעגען ברענגען צו פֿיהרען אויסלאֶנדישע סחורה אונ פֿלעגען דאָס אויסשטעלען צום פֿערקויפֿען אויפֿ'ן מאַרק. די מאֶרק, וואו עס פֿלעגען פֿאַרצייטען האַנדלען די געקוממענע אויסלאֶנדער, פֿלעגט מען דעריבער רופֿען „גאַסט=הויף". דער נאָמען איז זיי נאָך איצטער אויך איבערגעבליעבען, חאָטשי איצטער האַנדלען דאָרטען שוין דער עיקר אינלאֶנדישע מענשען. איבריגענס, וועגען מסחר וועט אונז נאָך אויסקוממען שפּאֶטער צו ריידען ב'פרט'ער.

ביז איצטער האָבען מיר גערעדט נאָר וועגען דעם מענשענס הכּרחיות, ד. ה. וועגען די זאַכען, וועלכע דער מענש האָט געמווּט

האָבען אום צו דערהאַלטען זיין לעבען, אונ אָהן וועלכע ער האָט ניט געקענט אויסקומטען. נאָר אויסער די אַללע נאָטהיגסטע ערפינ־ דונגען געפינען מיר, אַז שוין נאָר אין די ערשטע צייטען האָבען מענשען אין אַללע קאַנטען פון דער וועלט געניטצט אין שפייז ניט נאָר אַ זעלכע זאַכען, וועלכע עס זיינען געוועזען נאָטהיג צו דער־ האַלטען דעם לעבען, נאָר אויך אַ זעלכע זאַכען, וועלכע נאָטהיג זיינען זיי ניט, נאָר דער מענש האָט פון זיי אַ גרויס הנאה. אַנדערע פון די זאַכען, וועלכע דער מענש האָט געניטצט פון פערגעניגענד וועגען, זיינען אָפט זעהר אונגעזונד, ווייל זיי מאַכען שכור דעם מענשען, פון דעסטוועגען האָט זיך דער מענש ניט אָבגעזאָגט פון זיי, ווייל זיי זיינען געשמאַק. נאַטירליך, דער אורמענש האָט ניט געקענט אַזוי קלאָהר וויססען וואָס פאַר אַ שאָדליכע ווירקונג עס מאַכען אויף זיין געזונד די אַללע זאַכען, פון וועלכע ער ווערט שכור.

אונ אַפילו אין דער געגענוואָרטיגער צייט, וואָס די וויססענ־ שאַפט האָט שוין בפירוש דערוויזען, ווי שאָדליך עס איז צו טרינקען די אַללע משקאות, פון וועלכע מען ווערט שכור, אונ צו רויכערען טאַבאַק, נאָך מעהר: די געלעהרענטע האָבען מיט אותות ומופתים שוין ערקלעהרט אפילו אויך פאַר וואָס די אַלע זאַכען זיינען אַזוי שאָדליך פאַר דעם געזונד, פון דעסטוועגען איז נאָך פאַראַן אַ פולע מענשען, וואָס האַלטען ניט דערפון אונ מיינען נאָך אַלץ, אַז טרינקען שטאַרקע משקאות אונ רויכערען איז גאָר ניט אומגעזונד. דער אורמענש האָט געוויס ניט געקענט בעמערקען די שאָדליכע ווירקונג, וואָס דאָס מאַכט אויף זיין געזונד, בעזאָנדערס דערפאַר ווייל זיי ווירקען ניט באַלד, ווי מען נעהמט דאָס איין, נאָר פאַמעלעך אונ ביסלעכוויז נעהמען זיי אָב ביים מענשען זיין געזונד. אָבער דאָס אַנגענעהמע שכור ווערען אונ די אויפרעגונג וואָס דער מענש פיהלט איינגעהמענדיג די שטאָפפען איז איהם שטאַרק גע־ פאָלליג געוועזען אונ דעריבער פלעגט ער דאָס זעהר אָפט ניטצען.

אַז מען זאָל זיך גוט בערעכענען, וואָס דער אורמענש פלעגט אויסשטעהן, וואָס ער פלעגט צוהאָרעווען אי פהיזיש, אי גייסטליך, מיט וואָסערע מאַטערנעס עס פלעגט איהם אָנקומען די שטיקעל חיונה; אַז מען וועט זיך בערעכענען פיעל כחות דער אורמענש

פֿלעגט אָוועקלעגען אין דעם גרויזאַממען שטרייט, וועלכען ער האָט שטאֶנדיג געמוזט פֿיהרען מיט דער נאַטור; אז מען זאָל זיך בערעכֿענען דעם אורמענשענס שטאֶנדיגע קאָפּ־דרעהעניש און פּראַצע — זאָגען מיר — איז גאָר קיין חידוש ניט, וואָס ער איז געוועזן אַזאַ גרויסער בעלן אויף די אַללע זאַכֿען, פֿון וועלכֿע מען ווערט שכּור. די אַלע משקאות זיינען איהם טאַקי אַ־נ־אַנדערס טאָל זעהר נאָטהיג געוועזן. זיי פֿלעגען איהם שטאַרקען אין די מינוטען, ווען ער פֿלעגט זיך פֿיהלען זעהר מיעד; זיי פֿלעגען איהם צוגעבען פֿרישע כּחות, זיי פֿלעגען איהם אויף אַ ווייליע פֿון אַנדער צוכֿענען און צוגעבען מוטה, און נאָך דעם, אַז די אויפֿרעגונג פֿלעגט פֿאָרבּיי געהן פֿלעגט דער מענש פֿעסט איינשלאָפֿען און זיך גוט אויסרוהען און נאָך דעם ווייטער קענען פֿאָרטזעטצען זיינע אַרבייט.

דער אורמענש האָט ניט פֿערשטאַנען ווי אַזוי די אַלע שטאָפֿפֿען מאַכֿען דאָס אויף איהם אַזאַ ווירקונג, ער האָט בשום אופן ניט געקענט קלוג ווערען, וואָס איז די מעשה, אַז ער נעהמט איין די שטאָפֿפֿען ווערט ער היימליכֿער, דרייסטער, פֿיהלט זיך מוטהיגער און שטאַרקער און דעריבער פֿלעגט דער אורמענש רעכֿענען, אַז ניט די שטאָפֿפֿען גופא מאַכֿען דאָס אויף איהם אַזאַ ווירקונג, נאָר דאָס אין זיי איז פֿאַראַן אַזאַ מין גאָטט און ער מאַכֿט דאָס אין אמת'ן שכּור דעם מענשען. דער גאָטט איז דעם אורמענשען זעהר געפֿאֶליג געוואָרען און ער האָט זיך אָנגעהייבען צו בוקען צו איהם און איהם צו דינען. אַ פֿולע פֿאֶלקער האַלטען נאָך איצטער אויף די אַללע שטאַרקע געטראֶנק פֿאַר אַ גאָטטהייט; זיי מיינען אפילו, אַז די גאָטטהייט איז די גראָסטע, אַז זי גיט לעבען און היונה די אַללע איבריגע גאָטטער.

מעהר פֿאַר אַללע אַנדערע פֿאֶלקער, האָבען די פֿאַרצייטיגע אינדיאַנער, וועלכֿע האָבען געוואָהנט אין די איצטיגע מזרח־אינדיע, פֿערגאָטטערט די געטראֶנק, וועלכֿע מאַכֿען שכּור. די פֿערצייטיגע פּערסיאַנער האָבען אויך זעהר פֿערעהרט די גאָטטהייט פֿון שכּרות, ביי זיי איז געוועזן בנמצא אַזאַ מין געטראַנק, וואָס זיי פֿלעגען מאַכֿען פֿון די זאַפֿט פֿון אַזאַ מין פּפֿלאַנצונג, וועלכֿען זיי פֿלעגען רופֿען

„סאָמאַ". זעלבסט דאָס פֿערפֿערטיגען דעם געטראַנק, וואָס איז בעשטאַנען אין דעם אויסקוועטשען די זאַפֿט פֿון דער פֿלאַנצונג, האָט זיך אויך גערעכענט פֿיר אַ היילינע אַרבייט. ביי'ן פֿערפֿערטיגען דעם געטראַנק פֿלעגט מען זינגען תּפלות, לויבען און דאַנקען דעם גוטען גאָטט פֿון די משקה. מען פֿלעגט דערביי אויסרעכענען די אַללע טהייערע מעלות, וועלכע עס האָט געהאַט די משקה, די וואָהלטהאָטיגע ווירקונג, וואָס זי מאַכט אויפֿ'ן מענשען און אויף אַנדערע גאָטטער און דערפֿאַר אויך דאַנקען דעם גרויסען און וואָהלטהאָטיגען גאָטט פֿון דער משקה.

ביי אַללע פֿאָלקער אין אַללע טהיילען פֿון דער וועלט האָט אַמאָל עקסעסטירט דאָס פֿערגאָטטערען די שטאַרקע געטראָנק; איבעראַלל האָט זיך דאָס גערעכענט פֿאַר זעהר אַ היילינע זאַך און דאָס פֿערפֿערטיגען די געטראַנק — פֿיר אַ היילינע גאָטטליכע אַרבייט. אין אַ פֿולע אָרטער פֿיהרט זיך נאָך עד היום אַזוי.

ביי די רוססען זינגט מען נאָך אַ פֿערצייטיגע פֿאָלקס=ליעד, אין וועלכע מיר געפֿינען אַ=נ=אָנדענקונג פֿון יענע צייט, ווען זיי פֿלעגען פֿערגאָטטערען געטראָנקע, פֿון וועלכע מען ווערט שכור. ווי עס זעהט אויס איז דאָס ליעד שוין זעהר אַלט, דען דאָרט דער=מאָנט זיך אַ גאָטטהייט, צו וועלכע די סלאַוויאַנער האָבען גאָר פֿאַרצייטען, אין אורצושטאַנד געדיענט.

אין גרויס געבראויך איז געוועזען פֿאַרצייטען מעד, די זעלביגע משקה, פֿון וועלכע מיר לעקען די פֿינגער אַללע פסח. מעד ווי עס איז יעדען בעוואוסט, ווערט געמאַכט פֿון האָניג און דאָס איז געוועזען דעם מענשען ניט שווער צו בעקומען. צו געפֿינען אַ ביען=שטאָק אין אַ בוים איז געוועזען ניט שווער, און פֿערזוכענדיג אַ מאָל אַזאַ נאַשעריי, ווי האָניג, איז דער מענש געוועזען פֿערטיג אפילו צו אָפּפֿע=רען מיט זיינע האָנד אַבי צו בעקומען עס נאָך אַמאָל. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און דער מענש איז דערגאַנגען אַ מיטטעל צו בעגעהן זיך מיט די ביענען אָהן בעזונדער אונאַנגענאָמליכקייטען פֿיר זיך: ער פֿלעגט אַרום ביענשטאָק אויפֿלייגען אַ פֿייער און מיט דעם רויך פֿאַנאַנדער טרייבען די ביענען. מיט דער צייט האָט דער מענש ערפֿינדען אַ מיטטעל, ווי צו בעקומען האָניג פֿון בוים=לאָך, ניט

אַרויסטרייבענדיג פֿון דאָרטען די ביענען, כדי צו האָבען די מעגליכקייט זיך נאָך אַמאָל צו לאָבען מיט די זעלביגע נאַשעריי. עס פֿערשטעהט זיך, אַז אַ רעגעלמעססיגערע ביענען-צוכט קען זיך ערשט דאַנן אָנ-הייבען, ווען דער מענש האָט אַיינגעאָרדענט פֿיר זיך א וואָהנונג.

האניג פֿלעגט דער מענש לייגען אלס אַ פריפראַווע אין עסען, אַמאָל פֿלעגט ער דאָס אריינקנעטען אין טייג אונ אָפֿטמאָל פֿלעגט ער עסען אויך רויהע האָניג. נאָר אַזוי ווי רויהע האָניג ווירקט זעהר שלעכט אויפ'ן מאָגען, פֿלעגט דער מענש עס צוזאַמענמישען מיט וואַססער אונ אויף אַזא אַרט האָט ער אָנגעפֿאַנגען צו פֿערפֿאַרטיגען די זיסע משקה—מעד. די האָניג צו מישט מיט וואַססער, שטעהענדיג אַ געוויססע צייט, הייבט עס אָן צו אירען אונ דאַן בעקומט זיך פֿון איהם דער געטראַנק, וועלכער איז'געווען אַזוי בנמצא ביי אונז אין רוססלאַנד, ביי די גערמאַנער אונ ביי נאָך פֿיעל אַנדערע פֿאָלקער.

פונקט אויף אַזא-נ-אופן זיינען מענשען דערגאַנגען די קונסט צו ברייען ביער. מיר האָבען שוין פֿריהער געזאָגט, אַז דער אור-מענש פֿלעגט אָפֿט עססען קאַשקע פֿון מעל מיט וואַססער. שטעהענדיג איינינגע צייט פֿלעגט די קאַשקע אָנהייבען צו אירען אונ אויף אַזא-נ-אופן האָט זיך בעקומען די משקה, וועלכע מיר רופֿען עס ביער. מערקווירדיג איז דאָס, וואָס ביער איז געווען פֿערשפרייט ביי פיעל פֿאַרצייטיגע פֿאָלקער, בעזאָנדערס דאָרטען, וואו מען האָט איבער די קלימאַטישע בעדינגונגען ניט געקענט מאַכען קיין אַנדערע געטראָנקע, פון וועלכע מען זאָל זיך קענען אַיינשכור'ען.

בעמערקענדיג אַז איינינגע געוויקסע האָבען אַזא זאַפֿט, פון וועלכען עס פערדרייט זיך דער קאָפּ, האָבען זיי זיך אויסגעלעהרענט צו מישען די געוויקסע אין ביער, אום עס צו צוגעבען מעהר שטאַרקייט. צו ליעב דעם זעלביגען ציעל מישט מען ביי אונז אין ביער האָפּען אונ אָפֿטמאָל אויך אנדערע געוויקסע.

ווי צו מאַכען וויינטרויבען-וויין איז מען אויך דערגאַנגען נאָך אין אוראַלטער צייט; עס פערשטעהט זיך, אַז דאָס איז מען דער-גאַנגען פריהער אין די מקומות, וואו עס האָבען געראָטען געוואָקסען וויינגאָרטנער. מען האָט ניט געדאַרפט האבען דערצו קיין גרויסע חכמות; מען האָט מעהר ניט געדאַרפט נעהמען אַ וויינטרויב, אוים-

קוועטשען פון איהם די זאפט אונ עס לאָזען שטעהן איניגע צייט, אום צו בעקומען וויין, וועלכע עס האָט געמאַכט אַ סך אַ שטאַרקערע ווירקונג אויף די נערווען ווי ביער.

דעריבער פלעגט מען פאַרצייטען געוואָהנליך טרינקען וויין צוזאַממען געמישט מיט וואַססער. מיט ריינע וויין פלעגען זיי מעהר ניט מכבד זיין די גאָטטער, וועלכע, ווי מען האָט גערעכענט. האָבען געשאָנקען דעם מענשען אַ וויינטרויבען צווייג אונ איהם אויסנעלעהרענט צו פערפערטיגען אַזא גאָטטליכען געטראַנק.

אויסער די משקות, וואָס מיר האָבען דאָ אויסגערעכענט, זיינען פאַראַן איניגע געוויקסע, וועלכע האָבען די זעלביגע טבע צו פערשכור'ן. צווישען זיי זיינען בעזאָנדערס מערקווירדיג מאָן אונ קאָנאָפּלעס. פון זייערע קערנעדלאַך פלעגט מען אַמאָל צורעכט מאַכען פערשיעדענע געריכטען. נאָך היינט פיהרט זיך נאָך ביי די רוססען צו באַקען פון שוואַרץ=ברויט פלעטצלאַך מיט צושטייסענע קאָנאָפּלעס=זאַט. געוואָהנליך איז די ווירקונג פון די דאָזיגע געוויקסע גאַנץ שוואַך, נאָר אין איניגע אָרטער האָט מען זיך דערקליגט זיי אַזוי גוט צורעכט צו מאַכען, אַז זיי ווירקען פיעל שטאַרקער פאַר'ן בעסטען וויין. אַלס ביישפּיל פון אַ זעלכע געוויקסע קענען דיענען אָפּיום אונ גאַשיש, וועלכע ווערען צורעכט געמאַכט פון איינציגע מאָן אונ פון קאָנאָפּלעס. זיי האָבען זעהר אַ שאָדליכען איינפלוס אויפ'ן געזונד, נאָר מען שכורט זיך פון דעם אַזוי איין, אַז מען פאַלט אריין נאָך דעם, ווי אין אַ פיבער, מען זעהט פערשיעדענע מראות אונ פלוידערט ווי פון היטץ. איבערהויפּט ווערט אָפּיום אונ גאַשיש בענוצט אין אזיען.

פונקט ווי אין אונזער אַלטען וועלט איז פערשפרייט פערשידענע שאַרפע געטראָנקע, אַזוי איז אין דער נייען וועלט, אין אַמעריקא, פערשפרייט צווישען די דאָרטיגע אַיינוואָהנער רויכערען אונ קייען טאַבאַק. פון די אַמעריקאַנער איז די דאָזיגע געוואָהנהייט איבער=געגאַנגען צו די אייראָפּעער. היינט איז שוין פערשפרייט איבער גאַנץ אייראָפּא. ווי אין דער אלטען וועלט פלעגט מען ברענגען די גאָטטער פאַר אַקרבן וויין, אַזוי פלעגט מען אין אַמעריקא מכבד זיין די גאָטטער מיט טאַבאַק רויכערען, אונ נאָכדעם ערשט, אַז זיי האָבען געבראַכט די גאָטטער אַזא קרבן, פלעגען זיי אליין אנהייבען צו רויכערען.










שטײַנערנע מעססערס .

פיגור 2





שטײנערנע האק.

פיגור 3



אויסטראַלישער ספּאָסאָב צו שלײדערן דען שפּיז.

פִיגור 4



אַ מִין גראָבּאַיזען בּײַ די פּאַטאַגאָנער (אַ ווילדעס פֿאלק אין אמעריקא)

פִיגור 5



געשליפֿענע שטײנערנע העק.

פִיגור 6



איין עגבויער צו מאכען פייער.

פִיגור 7



וויא מען מאכט פייער
אין אויסטראַליען.

פִיגור 8



איין עגבויער מִיט אַ רִימען, צוּ מאכען פייער.

פֿיגור 9



איין איווען אין אויסטראַליען.

פֿיגור 10



א געצעהלט פֿון די איינוואָהנער אויפֿ'ן אינזעל „פֿייעד לאנד" אין אַמעריקא.

פיגור 11



אַ לייםענע וואַנע, מיט די צייכען פֿון אַ געפֿלאָכטענעם פֿאָרם.



איין שיפעל פון די עסקימאָסען.

פִיגור 13



ווי די אויסטראליער האַפּען פִישׁ`אין ווַייערע שׁיפֿלעך .

פיגור 14



אַ קריעגס שיף אין ניי־זעעלאנד.

# קאַטאַלאָג

פון פערלאַג

# „פּראָגרעסס“,

ווארשא נאלעווקי 36.

| | | פּרייז |
|---|---|---|
| 1) ב. פייגענבוים. | „שטיינער וואָס פאַלען פון הימעל“, אַ פּאָפּולערע ערקלערונג וועגען מעטעאָריטען, שטערענשנופּפען און קאָמעטען. | 10 ק'. |
| 2) פ. שטרייסלער. | „קולטור־געשיכטע“, פּאָפּולער בעאַרבייט דורך א. ברעסלער . | 25 „ |
| 3) וו. קאראלענקא. | „דער בלינדער מוזיקאַנט“ . | 35 „ |
| 4) ב. פייגענבוים. | „דאַרוויניזמוס“, אָדער דאַרווין האָט געטראָפען . . . . . . | 10 „ |
| 5) טאלסטאי. | „וועמענס גלויבען איז בעסער“? איבערזעצט פון ה. וויכנין . . . . . . . . | 5 „ |
| 6) אברהם רייזען. | „צייט־ליעדער“, (מיט אַפאָר־וואָרט) . . . . . . . . | 20 „ |
| 7) וו. גארשין. | „די געפאַלענע פרוי“, איבערזעצט פון ה. וויכנין. . . . | 10 „ |

| | | | |
|---|---|---|---|
| 8) | א. ברעסלער. | „יוסף פערל", זיין ביאָגראַפיע, ליטעראַרישע און אַלגעמיינע אַרבייט . . . . . . . . | 10 ק' |
| 9) | ש. ל. הורוויץ. | „בנימין פראַנקלין", זיין לעבענס בעשרייבונג און די בעפרייאונג פון אַמעריקא . . . . . . . | 20 „ |
| 10) | ה. ט. באקל. | די געשיכטע פון ציוויליזאַציאָן אין ענגלאַנד", קורץ פאָפּולאַריזירט דורך א. ברעסלער | 20 „ |
| 11) | נ. רובאקין. | „ווי לעבען די חיות?" (בילדער פון טהיר לעבען). . . . . | 40 „ |
| 12) | קוראטשקין. | „פלאַנצען־לעבען", וועגען געוועקסע . . . . . . . . | 30 „ |
| 13) | סיפאווסקי. | „סאָקראַטעס", דער גריכישער פילאָזאָף.. . . . . . . . | 20 „ |
| 14) | וו. לינ עוויטש. | „דונער און בליץ", איבער־זעצט פון א. ר.. . . . . . . | 15 „ |
| 15) | א. באגדאנאוו. | „עקאָנאָמישע לעהרע", (פּאָליטישע עקאָנאָמיע) בעאַרבייטעט דורך א. ש. זאַקס . . . . . | 25 „ |
| 16) | א. רייזען. | „ערצעהלונגען און בילדער" | 25 „ |
| 17) | מ. גארקי. | „חברים" און „דער לעזער", איבערזעצט דורך ד"ר א. מאַרקאָוו. | 15 „ |
| 18) | סווידערסקי. | „אַרבייט און קאַפּיטאַל", איבערזעצט פון א. ברעסלער. | 15 „ |
| 19) | שלום אש. | „אין אַ שלעכטער צייט", (בילדער און ערצעהלונגען) . | 30 „ |

| | | |
|---|---|---|
| 20) א. באגדאנאוו. | „די שקלאַפעריי”, (צוּוייטעס העפט פוּן דער עקאָנאָמישער לעהרע), בּעאַרבּייטעט דוּרך: א. ש. זאַקס . . . . . . . | 15 ק' |
| 21) נ. רובּאקין. | „די וואוּנדערליכע ערפינ־דוּנגען”, בּעאַרבּייטעט דוּרך: ה. וויכנין . . . . . . . . | „ 10 |
| 22) אברהם רייזען. | „יאַהר־בּוּך: פּראָגרעסס”, אַ זשוּרנאַל פיר ליטעראַטוּר, וויסענשאַפט און קריטיק ערשטעס בּוּך . . . . . . . | „ 75 |
| 23) ח״ה זעלדעס. | „ווינטער אָבענדען”, פּאָפּוּלער וויסענשאַפטליכע געשפרעכען. (איבּער פיזיק) . . . . . . | „ 25 |
| 24) קודריאווסקי | „אָדם הראשון׳ס דורות”, אָדער די פּאָרהיסטאָרישע צייט פוּן מענשען . . . . . | „ 25 |
| 25) א. יצחקי. | „פּ. סמאָלענסקין”, זיין בּיאָגראַפיע . . . . . . . . | „ 20 |
| 26) קאראבטשעווסקי. | „ערצעהלוּנגען וועגען ווילדע מענשען”, איבּערזעצט דוּרך: א. בּרעסלער . . . . . . . | „ 10 |
| 27) יאנישעווסקי. | „וועגען לוּפט”, איבּערזעצט דוּרך: ד. פּולס (ד. פינסקי) . | „ 10 |
| 28) פאוולאוויטש. | „ווי האָבּען מענשען געלעבּט? | „ 10 |
| 29) אברהם רייזען. | „ליעדער פוּן לעבּען”. . . . | „ 50 |
| 30) ע. טיילאר. | פוּן וואַנען האָבּען זיך גענוּמען רעליגיאָנען”. . . | „ 10 |

31) ע. בעללאמי. „אין הונדערט יאָהר אַרום", איבערזעצט פון ד. דרוק . . 60 ק'

32) פיליפ קראניץ. „די געשיכטע פון אַמעריקאַ", (די פעראייניגטע שטאַאַטען) אילוסטרירט. , , , , . . . . 25 „

33) וו. דאראשעוויטש. סאַהאַלין, אין קאַטאָרגע איבערזעצט פון ש. ל. הורוויץ 30 „

34) ר. אינגערסאל. „אַוועלט פון פרייד" . . 10 „

35) א. טאננענבוים. די געשיכטע פון דיא אידען אין אַמעריקאַ, 2 טהייל . . 40 „

36) בולווארד ליטאן. „דער צוקונפטיגער דור" . 30 „

37) ר. אינגערסאל. נידער מיט די פערברעכער 15 „

38) ה. ספענסער. טויט און תחית המתים (סאָציאָלאָגיע) . . . . . . 20 „

39) ה. ספענסער. שלאָף און חלומו'ת . . . . 15 „

40) ד. עדעלשטאדט. שריפטען. ערשטעס העפט . 20 „

41) א. האמאן. וועגען פּאַטריאָטיזם . . . . 10

42) * * * דער עיקר פון סאָציאַליזמוס ? . . אַפּאפּולערע ערקלעהרונג. . . 10

43) ע. זאָלאַ. סאַריזש . . . . . . . . . . 70 „

44) אברהם רייזען. די אָריגע וועלט (א נייע זאמלונג ערצעהלונג) . . . 25 „

45) א. בעבעל. די פרוי . . . , . . . . . . 10 „

46) * * * אַרבייטער ליעדער (אילוסטרירט) געזאַמעלט פון די בעסטע פּאעטען דורך מ. טייטש . . . . . 10 „

אדרעססע פון פערלאַג „פראָגרעס".

Книжный магазинъ „Прогрессъ".

## פערלאג „קליינע פאָלקס־ביבליאָטעק"

1) א. רייזען. „די יודישע גאַס" (ערצעהלונגען) ....... 7 ק'
2) ל. טאלסטאי. „דער פערברעכער" (ערצעהלונג) ........ 7 „
3) מ. ראזענפעלד. „געקליבענע ליעדער" .. 20 „
4) א. פ. טשעהאוו. „דאָס אומגליק" (ערצעהלונג) 7 „
5) מ. גארקי. „איין מאָהל אין הערבסט" 10 „
6) י. דינעזאהן. „שמשון שלמה מיט זיינע פערד" ........ 5 „
7) וו. גארשין. פיער טעג אין מלחמה .. 5 „
8) מ. קאנאפניצקא. „רויך" .......... 5 „
9) ע. נ. טשיריקאוו. דער קליינער בעל־עברה־ניק. 3 „
10) עליזע רעקלין. דער הונגעריגער ...... 3 „
11) פ. קראנין. די צושטערונג פון באסטיליע 5 „
12) פ. לאפארג. דער פערקויפטער אפעטיט. 5 „
13) ארנו. מארטירער פון דער קאמונע. 5 „
14) וויקטאר הוגא. דער פערמשפטער ארבייטער. 5 „
15) אנאטאל פראנס. דער פאריזער גאסען־הענדלער 5
16) קארל מארקס לוין, ארבייט און קאפיטאל 10
17) נ. רובאקין די מלחמה מיט דער נאטור 30

אדרעססע פון די „קליינע פאָלקס ביבליאָטעק".

Книжный магазинъ „Прогрессъ"
Я. Лидскій. Варшава, Налевки, 36.

# שטיינער וואס פאלען פון הימעל

א פאפולערע ערקלעהרונג וועגן מעטעאריטען,
שטערנשנופּען און קאמעטען

פערפאסט פון

ב. פ.

---

פערלאג „פראגרעסס" ווארשא

תרס"א

---

**ШТЕИНЕРЪ ВОСЪ ФАЛЕНЪ ФУНЪ ГИММЕЛЪ**

т. е. Падающіе камни съ неба

сочиненіе Б. Ф.

I.

## וואונדער איבער וואונדער.

פרייטאג, דעם ערשטען אקטאבער 1897, איז אין אלע צייטונגען געשטאנען פאלגענדע אינטערעסאנטע נייעס: „לייטענאנט פיערי, דער בעריהמטער רייזענדער און פארשער אין די קאלטע געגענדען לעבען נארד-פאל, איז נעכטען צוריקגעקומען מיט זיין שיף „האופ" פון יענע געגענדען. ער האט מיטגעבראכט דעם גראסטען הימעל-שטיין פון דער וועלט. דער שטיין, וועלכער איז העראבגעפאלען פון הימעל, וועגט ביז 100 טאן און איז 12 פוס לאנג, 8 פוס ברייט און 8 פוס הויך. נאך מיט הונדערט יאהר צוריק האבען פארשונגס-רייזענדע געהערט פון דיזען מערקווירדיגען שטיין. די איינוואוינער פון יענע געגענדען, וואו דיזער שטיין איז העראבגעפאלען, די עסקימאסען, האבען איהם געהאלטען פיר א גאטליכע זאך. די פארשער האבען איהם שוין א סך מאל געוואלט מיטנעהמען אין די ציוויליזירטע וועלט אריין, אבער עס איז געוועזען צו שווער איהם צו טראנספארטירען. פיערי האט דעם שטיין אויסגעפונען מיט 4 יאהר צוריק און מיט גרויסער מיה איז איהם ענדליך געלונגען איהם אהערצובריינגען מיט זיין שיף. דער שטיין, וועלכער בעשטעהט פון אייזען-שטאף געמישט מיט אנדערע מעטאלען, וועט שפעטער אויסגעשטעלט ווערען אין דעם ניו-יארקער

מוזעאום פון נאַטורגעשיכטע, וועלכער געפינט זיך אויף דער 72-טער סטריט, צווישען דער 8-טער אונ 9-טער עווניו. דערווײילע געפינט ער זיך נאָך אויפ'ן שיף אונ ווער עס וויל איהם זעהן מוז בעצאָהלען 25 סענט."

אויב איהר, לעזער, וועט זיין אין ניו-יאָרק, וועט איהר דיזען מערקווירדיגען הימלישען שטיין זעהן. אָבער וואָס קומט הערויס ווען איהר וועט איהם זעהן — וועט איהר דען דאַן וויסען זיך צו ערקלערען דאָס מערקווירדיגע וואונדער, ווי אַזוי פאַלט דאָס עפעס אַזאַ שטיין הערונטער פון הימעל? פון וואַנען? פון וואַס?

דאָס וועלען מיר אייך דאָ ערקלערען, פריהער אָבער וועלען מיר נאָך אַביסעל גענויער בעטראַכטען דיזעס נאַטור-וואונדער אונ זיין געשיכטע.

* *

*

אין חומש געפינט איהר שוין דערציילט אַזאַ מעשה: „... אונ גאָטט האָט געמאַכט קולות אונ אַ האָגעל אונ פייער איז געגאַנגען אויף דער ערד, אונ גאָטט האָט געמאַכט רעגענען אַ האָגעל איבער'ן לאַנד מצרים. אונ עס איז געווען אַ האָגעל אונ אַ פייער האָט גע-פלאַקערט אין מיטען דעם האָגעל, זעהר אַ שטאַרקער, וואָס עס איז נאָך ניט געווען אַ זעלכער אין גאַנצען לאַנד מצרים, זייט עס איז געוואָרען אַ פאָלק. אונ דער האָגעל האָט צוקלאַפּט אין גאַנצען לאַנד מצרים אַלץ, וואָס עס האָט זיך געפונען אין פעלד: פון מענשען ביז די בהמות, אונ דאָס גראָז פון פעלד האָט דער האָגעל צושלאָגען אונ אַלע בוימער האָט ער צובראָכען." (פרשת וארא).

אין ספר יהושע (קאַפּיטעל י) ווידער שטעהט אַזאַ מעשה: „אונ ווען זיי (די אמוריים) זיינען ענטלאָפען פאַר די קינדער ישראל, האָט

גאָטט אויף זיי הערויפּגעוואָרפען גרויסע שטיינער פֿון הימעל... אונ עס זיינען פֿון זיי מעהר געהרג'עט געוואָרען פֿון די שטיינער, ווי די קינדער ישראל האָבען פֿון זיי אויסגעהרג'עט."

אַזאַגע איז ערגעץ דאָ אין די יידישע ספרים (איך געדענק ניט יכֿער וואו — איך גלויב אין „אבקת רוכל") אַזעלכֿע:

דער האָגעל אין מצרים איז אויך געווען אַ האָגעל פֿון שטיינער, אונ ווען גאָטט האָט געמאַכֿט דער האָגעל זאָל אויפהערען, דער־האָרענדיג משה רבינו'ס געבעט, זיינען די שטיינער, וואָס זיינען שוין געווען אין וועג הערונטערצופאַלען, געבליבען הענגען אין לופֿטען, אונ זיי וועלען אַזוי הענגען ביז משיח וועט קומען. אין משיח'ס צייטען וועלען די דאָזיגע האָגעל-שטיינער הערונטערפֿאַלען, אַזוי ווי ביי דער מלחמה פֿון די אמוריים, אונ וועלען צושלאָגען די מחנות פֿון גוג ומגוג, וואָס וועלען מלחמה האַלטען מיט משיח'ן —.

וועגען שטיינער האָגלען געפינט מען אויך בעשרייבונגען ביי פֿערשיעדענע פֿעלקער פֿון די עלטסטע צייטען.

אין אַלטע ביכֿער פֿון די כינעזער געפינט מען בעשרייבונגען פֿון 16 אַזעלכֿע שטיינער-האָגלען, וועלכֿע זיינען געפֿאַלען פֿון יאָהר 644 פֿאַר דער קריסטליכֿער צייט-רעכֿנונג ביז דעם יאָהר 333 נאָך קריסטוס'ס געבורט.

פלוטאַרך, דער גריעכֿישער היסטאָריקער פֿון פֿאַר איבער 2000 יאָהר, שרייבט אין זיין בוך וועגען אַ גרויסען שטיין, וואָס איז הערונטערגעפֿאַלען פֿון הימעל אין גריעכֿענלאַנד, ניט ווייט פֿון דער שטאָדט טהעיען, אין יאָהר 465 פֿאַר דער קריסטליכֿער צייט-רעכֿנונג (מיט 2362 יאָהר צוריק). דער שטיין, שרייבט פלוטאַרך, איז געווען אַזוי גרויס, ווי צוויי מיהל-שטיינער אונ אַזוי שווער, ווי אַ'ן אָנגעלאַדענעם וואָגען. אויך די פֿאַר־צייטיגע רוימישע שרייבער, ווי פּליניוס, דער־צעהלען פֿון אַזעלכֿע שטיינער-האָגלען.

אין יאָהר 823 איז געווען אין זאַקסען אַ שרעקליכער שטיינער־האָגעל מיט פייער, וועלכער האָט געטוידטעט מענשען אונ בהמות אונ פערברענט 35 דאָרפער.

דעם 7־טען נאָוועמבער 1492 איז געווען אַ שטיינער־האָגעל אין דער שטאָדט עלזיסהיים, אין עלזאַס. אין מיטען העלען טאָג איז דעמאָלט געוואָרען אַ שרעקליכער דונער אונ אַ געוואַלדיג־גרויסער שטיין, וועלכער האָט געוואויגען ביז 270 פונט, איז הערונטערגעפאַלען אין פעלד מיט אַ געוואַלדיגער קראַפט אונ איז אַריינגעגראָבען געוואָרען טיעף אין ד'ערד. דער קייזער מאַקסימיליאַן האָט געלאָזט דעם שטיין אויסגראָבען, האָט אויסגעקריצט אין איהם וואָרטער פיר אַ'ן אַנדענקונג אונ האָט איהם געלאָזען אויפקלעגען אַלס אַ הייליגקייט אין די קירכע פון יענער שטאָדט, וואו ער ליעגט נאָך ביז היינטיגען טאָג — פונקט אַזוי ווי די ווילדע עסקימאָסען האָבען געהאַלטען דעם שטיין, וואָס פיערי האָט געבראַכט, פיר אַ גאָטליכע זאַך.

אין יאָהר 1510 זיינען אין דער שטאָדט פאַדוא 1200 שטיינער הערונטערגעפאַלען ביי אַזאַ שטיינער־האָגעל; איינער פון זיי האָט געוואויגען 160 פונט.

אין יאָהר 1646 איז אין דער שטאָדט קאָפּענהאַגען (דענעמאַרק) געווען אַ רעגען פון שוועבעל (אַזוי ווי אין סדום!) אונ אין 1658 איז געווען אַזאַ זאַך אין מאַנספעלד.

מען קען זיך פאָרשטעלען, וואָס די מענשען אין יענע פינסטערע פאַנאַטישע צייטען האָבען געקענט טראַכטען וועגען דיזע ערשיינונג!

אין סוף פון פאָריגען יאָהר־הונדערט, ווען דער מענשליכער פערשטאַנד האָט זיך אָנגעהויבען אויפצוכאַפען פון זיין טויזענד־יאָהריגען רעליגיעזען שלאָף, האָבען די פאָרשער געמיינט, אַז די גאַנצע געשיכטע מיט די שטיינער־האָגלען איז גאָר אַ בבא מעשה,

און ווען דער נאַטור-פאָרשער דיאַט האָט אַמאָל פאַר די געלעהרטע פון דער פּאַריזער אַקאַדעמיע געוואָלט זאָגען זיין מיינונג פון וואַגען די שטיינער-האָגלען קומען, האָבען די געלעהרטע זיך איינע די אַנדערע אָנגעקוקט מיט פערוואונדערונג און דער פרעזידענט האָט ענדליך אונטערבראָכען די רעדע פון דעם געלעהרטען דיאַט מיט דער בעמערקונג, אַז עס איז אַ חרפה פאַר אַ פערזאַמלונג פון אַזעלכע געלעהרטע נאַטור-פאָרשער צו רעדען וועגען אַזעלכע נאַרישע בבא-מעשיות, וועלכע שטאַמען ניט מעהר ווי פון דעם פאָלקס אַבערגלויבען.

אין יאָהר 1790 האָט מען אפילו בעריכטעט, אַז דעם 24-טען יולי איז געוועזען אַזאַ שטיינער-האָגעל אין פראַנקרייך גופא. די פּאַריזער אַקאַדעמיע האָט אַוועקגעשיקט אַ פאָרשער אויף דעם פּלאַץ צו זעהן, וואָס דאָרט איז; אָבער ער האָט דאָס מאָל נאָך געבראַכט אַן ענטפער, אַז עס זעהט איהם אויס, דאָס די גאַנצע מעשה איז אַ ליגען.

דאָס איז אַ ביישפּיעל פון דעם גאַנג פון דער פרייער פאָרשונג אין אַלע זאַכען: אין אָנהייב האָבען די פרייע דענקער קורץ און שאַרף אָבגעפערטיגט אַלע פּונקטען פון די אמונות — זיי האָבען געזאָגט, עס איז שקר וכזב, עס איז אויסגעטראַכט, און פערטיג.

ניט אַזוי אָבער דענקען היינט די ענטוויקעלטע פרייע פאָרשער. היינט ווייס מען, אַז קיין זאַך קען ניט זיין אויסגעטראַכט גאָר אָהן אַ פאַר-וואָס. אַז אויסגעטראַכט, מוז דאָס אויך קומען פון עפּעס, מוז זיין אַן אורזאַכע דער-צו, און די וויסענשאַפט זוכט היינט — און געפינט — די ערנסטע אורזאַכען פון אַלע פערצייטיגע גלויבערייען.

און דיזער נס, פון די שטיינער-האָגלען, איז אויך גאָר ניט אויסגעטראַכט. געוויס, די איבערנאַטירליכע ערקלערונג דערפון, דער גלויבען, אַז דאָס איז גאָטליכעס, איז — אויך ניט „אויס-

געטראַכט", נאָר — די נאַטירליכע ערקלערונג, וואָס די אונוויסענדע מענשהייט אין איהרע קינדער-יאָהרען האָט זיך געמוזט געבען אויף אַזעלכע זאַכען. אָבער אַז דער פאַקט אַליין, דאָס שטיינער פאַלען טאַקי „פון הימעל", איז אמת, זיינען די פריינע פאָרשער צום ערשטען מאָל דערגאַנגען אין יאָהר 1798. דעמאָלט איז אין פראַנקרייך ווידער ערגעץ געוועזען אַזאַ שטיינער-האָגעל און מען האָט שוין געבראַכט איינעם פון די שטיינער צום גרויסען פראַנצויזישען נאַטור-פאָרשער לאַפלאַס. דאָ האָט שוין דער גרויסער פאָרשער געזעהען, אַז די מעשה איז פאָרט אמת און ער האָט זיך שוין געבראָכען דעם קאָפּ אויסצוגעפינען אַן ערקלערונג, פון וואַנען דאָס קען קומען. ער האָט זיך אָבער אַנדערס ניט געוואוסט צו ערקלערען, נאָר אַז דער פייער-שפייענדער באַרג וועזופיוס, פון איטאַליען, האָט דעם שטיין העראוס-געוואָרפען פון זיך און מיט דעם געוואַלדיגען אימפעט פון דעם שליידער איז דער שטיין פערפלויגען אַזש ביז פראַנקרייך.

דעם 16-טען אַפּריל 1803, אין אַ שאָנעם העלען טאָג, האָט זיך פלוצלינג אויפ'ן הימעל אין דער געגענד נאָרמאַנדיע, פראַנקרייך, בײַ זען אַ קליינע דיקע חמאַרע. די חמאַרע האָט זיך אויסגעברייט, און פלוצלינג האָט אָנגעהויבען געוואַלדיג צו דונערן און צו בליצען, אַזוי שטאַרק, אז פייער איז געפלויגען פון הימעל. דערנאָך האָט זיך גענומען שיטען אַ האָגעל פון שטיינער אויף אַ שטרעקע פון אַן ערך אַ האַלבע מייל אַרום. מאַנכע פון די שטיינער זיינען געוועזען גאַנץ קליינע, מאַנכע האָבען אָבער געוואויגען צו עטליכע פונט; זיי זיינען אַלע געוועזען שוואַרצע שטיקלאַך שטיין, ווי צושפּאָלטענע, מיט געלבליכע פלעקען, אַזוי ווי זשאַווער פון אייזען. אויך זיינען געוועזען אין זיי פערמישט שטיקלאַך אייזען און מאַגנעט.

דאָ איז שוין קיין שום ספק ניט געוועזען, אַז די שטיינער פאַלען טאַקי הערונטער פון אויבען. אָבער די ערקלערונג, וואָס די פאָרשער

האָבען דעמאָלט געגעבען וועגען דעם, איז אויך געווען זעהר שוואַך, זיי האָבען געזאָגט, אַז אויף דער לבנה זיינען מסתמא דאָ וואולקאַנען (פייער-שפייענדע בערג) אונ דיזע שטיינער קומען פון דער לאַווא (געשמאָלצענעם שטאָף) וואָס די וואולקאַנען פון דער לבנה וואַרפען פון זיך הערויס.

לויט דיזער ערקלערונג האָט מען זיך געמוזט פאָרשטעלען, אַז די וואולקאַנען אויף דער לבנה שליידערן הערויס זייער אינהאַלט מיט אַזאַ אונגעוועהנליכע קראַפט, וועלכע איז דאָ, אויף דער ערד, גאָר ניט בעקאַנט, — ווארום אַז ניט, וואָלט דאָס, וואָס עס שפריצט הערויס פון די בערג אויף דער לבנה, ניט געקענט העראָבפאַלען אויף דער ערד, ווייל דאָס וואָלט זיך געפונען אויסערהאַלב דעם גרענעץ, ביז ווי ווייט די אַנציעהונגסקראַפט פון דער ערד גרייכט, אונ וואָס נאָך איהם ווירקט שוין די אַנציעהונגסקראַפט פון דער לבנה אַליין. אויב זאַכען פון דער לבנה וואָלטען געקענט „הערונטערפאַלען" אויף דער ערד, דאַן האָבען זאַכען פון דער ערד געברויכט „הערויף-צופאַלען" אָדער „הערויפצופאַלען" אויף דער זונן אָדער אַנדערע פלאַנעטען, וואָס זיינען גרעסער פון דער ערד אונ האָבען אויף איהר אַ'ן אַנציעהונגס-קראַפט. די אורזאַך אָבער, פאַר וואָס מיר אַלע פאַלען ניט „הערויף" אָדער „הערויף" אויף אַנדערע פלאַנעטען, וואָס זיינען גרעסער ווי די ערד, איז, ווייל דאָ, אויף דער ערד אין אַ געוויסע ווייטקייט הערום איהר, דאָס הייסט לעבען איהר, איז די אַנציעהונגס-קראַפט פון דער ערד שטאַרקער ווי די אַנציעהונגס-קראַפט פון ווייטע פלאַנעטען. היינט איז דאָך דאָס זעלביגע אויך מיט דער לאַוואַ, וואָס די וואולקאַנען אויף דער לבנה וואַרפען הערויס פון זיך: זיי מוזען צוריקפאַלען אויף דער לבנה אונ ניט אויף דער ערד, סיידען ווען די קראַפט פון דעם שליידער זאָל זיין אַזוי אייסער-געוועהנליך מאָכטיג, דאָס זיי זאָלען געשליידערט ווערן אַזש

ביז דאָרט, וואו די לבנה'ס אַנציעהונגס-קראַפֿט דערגרייכט שוין ניט אונ וואו עס הייבט זיך שוין אָן די אַנציעהונגס-קראַפֿט פֿון דער ערד. דאָ, אויף אונזער ערד, ווייסען מיר ניט פֿון אַזאַ שרעקליכער שליידער-קראַפֿט. ווען מען זאָל אפילו מיט דעם מאָכטיגסטען קאַנאָן פֿון דער וועלט שיסען אַ קוגעל אַוועק פֿון דער ערד, וועט דער קוגעל אַלץ צוריקפֿאַלען אויף דער ערד, אונ ניט אויף קיין אַנדערן פלאַנעט, ווייל מען קען איהם קיין מאָל ניט אַוועקשיסען אַזוי ווייט פֿון דער ערד, דאָס די ערד זאָל שוין פֿערליערען איהר אַנציעהונגס-קראַפֿט אויף איהם.

* *

*

דאָך, די אונערמידליכע פֿאָרשונג האָט ענדליך פֿאָרט אויס-געפֿונען די וואַהרהייט וועגען די וואונדער מיט די שטיינער-האָגלען אונ דעם פֿייער אונ שוועבעל אונ פעך, וואָס פֿאַלט „פֿון הימעל."

דער וועג, ווי אַזוי מען האָט דאָס אויסגעפֿונען, ווייזט אונז דייטליך, ווי ווילד-נאַריש די יעניגע „אפיקורסים" זיינען, וועלכע מאַכען חוזק פֿון די פֿאַרצייטיגע, פֿאַר וואָס זיי האָבען ניט פֿאַר-שטאַנען, וואָס מען פֿערשטעהט היינט. מיר זעהען פֿון דעם, אַז לויט די פֿאַרצייטיגע אומשטענדען איז אַבסאָלוט אונמעגליך געווען אין פֿיעל זאַכען צו דערגעהן דאָס, וואָס מען דערגעהט היינט.

פֿארצייטען, ווען עס זיינען נאָך ניט געווען קיין טעלעגראַפֿען אונ אפילו ניט קיין שום אַנדערע פֿערבינדונגען פֿון ווייטע לאָנדער איינע מיט די אַנדערע, האָט יעדער פֿאָרשער נאָר געקענט וויסען פֿון די נאַטור-וואונדער, וואָס קומען פֿאָר אין זיין אייגענעם ווינקעל. ער האָט אָבער אויף קיין פֿאַל ניט געקענט האָבען קיין איבערזיכט איבער די נאַטור-פּאַסירונגען פֿון אַלע עקען פון דער וועלט! נו,

זיינען אָבער דאָ אַ סך נאַטור-פּאַסירונגען, וועלכע עס איז אונמעגליך צו פערשטעהן, ווען מען זעהט זיי נאָר פון איין זייט.

מיר וועלען דאָס ערקלערען מיט אַ גאַנץ איינפאַכען משל: נעהמט עפּעס אַ זאַך, אַ שטיק טאָוועל למשל, און פערשטעלט דערמיט אַ העלפט פון דער ברייט פון דיעזע שורות, וועלכע איהר לייענט איצט דאָ, און דאַן נעהמט דאָס לייענען, לייענענדיג נאָר די האַלבע שורות, וואָס זיינען אויפגעדעקט: איהר וועט זעהען, אַז עס וועט זיך ניט קלעפּען אַ וואָרט צו אַ וואָרט און עס וועט אויסקוקען ווי קמעות-לשון. שטעלט-זשע זיך פאָר, אַז איהר געפינט אַזאַ האַלבע בלאַטטעל שמות און איהר ווייסט גאָר ניט, אַז נאָך אַ האַלבע איז דערפון אָבגעריסען — איז דאָס מעגליך, אַז איהר זאָלט דערגעהן אויף גאַנץ ריכטיג וואָס דער אינהאַלט פון דעם בלאַטטעל מיינט? געוויס ניט! איהר וועט מוזען אויסטראַכטען אַלערליי פּירושים, השערות, ווי אַזוי צו צוקלעבען אַ וואָרט צו אַ וואָרט, און דעם אמת וועט איהר קיינמאָל ניט טרעפען. ווען וועט איהר וויסען דעם ריכטיגען אמת? ווען איהר וועט געפינען דאָס אַנדערע האַלבע בלאַטטעל און עס צושטוקעווען צום ערשטען און לייענען ביידע האַלבע צוזאַמען כסדר.

אַזוי, איידער מען האָט געהאַט פערבינדונגען צווישען אַלע געגענדען פון דער וועלט און מען האָט נאָך ניט געקענט צוזאַמענ-שטוקעווען די נאַטור-ערשיינונגען, וואָס מען זעהט פּאַסירען אין איין ווינקעל פון דער ערד, מיט די נאַטור-פּאַסירונגען פון אַנדערע ווינקלען, זיינען מאַנכע ערשיינונגען פון דער נאַטור פיר דעם פאָרשער פון יעדען ווינקעל געווען ווי אַן אָבגעריסענעם שטיקעל פון אַ גאַנצען בלאַטיל פון אַ בוך: עס איז אונמעגליך געווען ער זאָל וויסען הערויסצולעזען דעם ריכטיגען זין — און אַזאַ פאַל איז געווען מיט די שטיינער-האָגלען:

אַנשטאַט זעלטענע צופאַלע, נסים מן השמים, זיינען דאָס

גאָר אין אמת'ן — ווי עס איז שוין היינט קיין צווייפעל ניט — טהיילען פון גאַנץ רעגעלמעסיגע ערשיינונגען „אויפ'ן הימעל", וועלכע קומען פאָר אַזוי רעגעלמעסיג, ווי דער גאַנג פון דער לבנה אַלע חדש. אָבער פון דיזער רעגעלמעסיגקייט איז אַבסאָלוט אונמעגליך געוועזען צו דערגעהן, אַזוי לאַנג ווי אַ פאָרשער האָט ניט געקענט זעהן מעהר אונ וויסען פון מעהר ווי פון אַזעלכע האָגלען, וואָס קומען פאָר אויף איין קליינעם טהייל פון דער וועלט; אויף איינעם אונ דעם זעלבינגען אָרט קומט אַזאַ שטיינער-האָגעל טאַקע נאָר פאָר גאָר ניט רעגעלמעסיג, איין מאָל אין הונדערטער, אָדער אפשר אין טויזענדער יאָהרען, אונ נאַטירליך מוז מען דאָס בעטראַכטען אַלס אַ זעלטענע אונרעגעלמעסיגע „צופעליגע" ערשיינונג, אַ ס אַ וואונדער אַ נס מן השמים, אונ מען קען ניט וויסען, מיט וועלכע אומשטאַנדען זיי אין פערבינדונג צו ברענגען. מען קען עס איבערהויפט גאָר ניט אויספאָרשען, ווען מען זעהט עס אַזוי זעלטען. אָבער איבער דער גאַנצער וועלט בכלל איז אַזאַ שטיינער-האָגעל גאָר קיין נייעס ניט; עס קומט פאָר זעהר אָפט, ווען ניט אויף דעם אָרט, איז אויף אַ'ן אַנדער אָרט: אונ זינט דורך די היינטיגע פער־בינדונגען פון אַלע עקען פון דער וועלט איינע מיט דער אַנדערע, דורך די אייזענבאַהנען, דאַמפף-שיפען אונ טעלעגראַפען, איז מעגליך געוואָרען, אַז אַ פאָרשער זאָל וויסען אַלע אַזעלכע ערשיינונגען איבער דער גאַנצער וועלט, האָט מען ערשט געקראָגען די מעגליכקייט צו בעטראַכטען, אין וועלכע צייטען פון יאָהר אונ אין פערבינדונג מיט וועלכע אַסטראָנאָמישע ערשיינונגען דאָס קומט געוועהנליך פאָר; מען האָט געקענט אויסגעפינען די רעגעלמעסיגקייט דערפון אונ עס האָט זיך ערשט געעפענט אַ וועג צום ריכטיגען אמת וועגען דעם.

דורך די פערקעהרס-פערבינדונגען פון די לעצטע צייטען איז מען דערגאַנגען אין אַ גאַנץ קורצע צייט פון מעהר שטיינער-האָגלען,

ווי מען האָט געוואוסט פֿריהער אין טויזענדער יאָהרען . אַנשטאַט וואָס פֿריהער פֿלעגט דאָס ווערען פֿערשריעבען אין דער געשיכטע , אַלס אַ זעלטענער נס , אַ פֿאַל וואָס איז נאָך ניט געהאָרט געוואָרען , האָרט מען היינט דערפֿון יעדעס יאָהר . אונ די שטיינער , וואָס מען זעהט פֿאַלען פֿון הימעל , זיינען נאָך גראָסער ווי די , וועגען וועלכע עס שטעהט בעשריעבען אין די אַלטע , פֿאַרצייטיגע ביכער .

לעבען דער שטאָדט קראַסנאָיאַרסק , אין סיביר , האָט דער נאַטור-פֿאָרשער פּאַללאַס געפֿונען אַזאַ האָגעל-שטיין פֿון זעכציעהן הונדערט פֿונט . לעבען טהאָרן (דייטשלאַנד) האָט מען געפֿונען איינגעגראָבען אין ד'ערד אַזאַ שטיין פֿון 20 טויזענד פֿונט . אין דעם מוזעאום פֿון יעיל קאָלעדזש , אין ניו הייווען , ליעגען מעהר ווי הונדערט אַזעלכע האָגעל-שטיינער , איינער פֿון זיי וועגט 1655 פֿונט . זיי קומען פֿון אַ שטיינער-האָגעל וואָס איז געווען אין טעקסאַס אין יאָהר 1808 . אין דער קעניגליכער אַקאַדעמיע אין שטאָקהאָלם (שוועדען) ליעגען עטליכע-אונ-צוואַנציג אַזעלכע שטיינער ; זיי קומען פֿון אַ שטיינער-האָגעל , וואָס איז געווען אין יאָהר 1871 אויפֿ'ן מזרח-זייטיגען ברעג פֿון גרענלאַנד . איינער פֿון די שטיינער איז גרויס 42 קוואַדראַט פֿוס אונ וואָגט 50 טויזענד פֿונט .

דער שרייבער פֿון דיעזען אַרטיקעל האָט געזעהען אין בריטיש מוזעאום אין לאָנדאָן אַזאַ שטיין פֿון 12,000 פֿונט . אין דעם פעטערסבורגער מוזעאום ליעגט אַזאַ שטיין פֿון 1680 פֿונט . מען האָט איהם געפֿונען אין סיביר אין יאָהר 1872 .

ערשט אין יאָהר 1875 , דעם 12-טען פֿעברואַר , איז געווען אַ געוואַלדיגער שטיינער-האָגעל אין אייאָוואַ (אַ שטאַאַט פֿון די פֿעראייניגטע שטאַאַטען) . עס זיינען העראָבגעפֿאַלען שטיינער פֿון 500 פֿונט .

אין אַלגעמיין איז היינט אויסגערעכענט , אַז יעדעס יאָהר

קומען פּאָר אויף דער גאַנצער וועלט ביז 700 שטיינער-האָגלען, אונ עס פּאַלען וועניגסטענס ביז 5000 שטיינער פון הימעל. מאַנכע מאָל טרעפט זאָגאַר, אַז עס פּאַלען ביז 2—3 טויזענד שטיינער אויף אַ פּלאַץ פון עטליכע אַקערס.

ווי איהר זעהט, איז דאָס שוין אויס זעלטענער נס. דיזע שטיינער ווערען היינט אָנגערופען מעטעאָר-שטיינער, אָדער מעטעאָריטען, אָדער אעראָליטען (לופט-שטיינער).

עס טרעפט אויך, אַז עס רעגענט אַ מאָל מיט צושמאָלצענעם אייזען.

* *

*

ביי די מענשען, וואָס שטעהען נאָך אויף אַ ניעדעריגער שטופע פון ענטוויקלונג, הערט אַ וואונדער אויף צו זיין אַ וואונדער, ווען עס הערט אויף צו זיין א זעלטענהייט, אונ די האַרבע קשיא „וואָס איז דאָס אַזעלכעס?" פאַלט ביי אַזעלכע מענשען דאַן שוין אַ וועג.

ווען אַ פּאָלק וואָלט זיך געפונען אויף אַן אָרט, וואו עס פּאַלט קיין מאָל ניט קיין שנעע אונ עס וואָלט ביי זיי איין מאָל הערונטער־געפּאַלען א שנעע, וואָלטען זיי געפּאַלען אויפ׳ן פנים פּאַר מורא אונ אויסגעשריען „שטיקער אייז פּאַלען פון הימעל!" אונ עס וואָלט זיך ביי זיי אין דער פּאַנטאַזיע געבילדעט אַ גלויבען אויף דעם פונדאמענט פון דיזען נס. ווען אָבער אַזאַ וואונדער פּאַסירט אָפט, איז דאָס גאָרניט.

פּיר דעם דענקענדען גלייבען פאַרשטאַנד איז דאָס נאַטירליך ועהר קרום. אדרבה, דאַכט זיך, אויב ווען אַ זאַך פּאַסירט איין מאָל זעלטען, איז דאָס אַ וואונדער אונ ווייזט אויף אַ פּערבאָרגענעם

מאַכטינגען וועלט-פיהרער, בעזווייזט דאָך עס נאָך מעהר זיין מאַכט, ווען דאָס פּאַסירט אָפּט אונ אַ סך מאָל.

אָבער אויף די ניעדעריגע שטופע פון דער מענשליכער ענטוויקלונג, האָט דער גראַדער פערשטאַנד ווייניג צו בעפעהלען. די גאַנצע הערשאַפט האָט דאָס געפיהל, די שוואַכקייטען פון דעם מענשען, אונ דיזע מאַכען דעם מענשען נאָר זיך וואונדערן איבער גאַנץ זעלטענע פאַסירונגען.

אַלזאָ, פיר דיזען ניעדעריגען צושטאַנד פון גייסט איז דער פאַקט, דאָס די שטיינער-האָגלען זיינען גאָר קיין חידוש ניט, שוין גענוג עס זאָל שוין אַלעם רעכט זיין.

גאַנץ אַנדערש איז דאָס אָבער פיר דעם פאָרשענדען גראַדען פערשטאַנד: פיר איהם איז דאָס, וואָס אַ זאַך פּאַסירט אָפּט, נאָך גיט קיין אָבשטעל אין דער פראַגע: „פון וואַנען קומט דאָס?" עס איז נאָר אַ שליסעל צו דער אויפלעזונג פון דעם רעטהעניס, ווייל, ווי געזאָגט, ווען אַ זאַך פּאַסירט אָפּט, האָט מען אַ געלעגענהייט זיך גוט צוצוקוקען צו איהר אונ אויסצוגעפינען מיט וואָס זי הענגט צוזאַמען אונ וואָס איהר אורזאַך קען זיין.

אונ אַזוי איז דאָס געווען מיט די שטיינער-האָגלען אויך, ווי מיר וועלען ערקלערען אין צווייטען קאַפּיטעל.

---

## II.

## פייעריגע פילקעס אויפ'ן הימעל. — שטערנשיסעריי. — שטערן פאלען פון הימעל.

איידער מיר וועלען צוקומען צו דער ערקלערונג, פון וואַנען די שטיינער פאַלען פון „הימעל", מוזען מיר ווענינגסטענס עטוואַס

בעשרייבען פערשיעדענע סצענעס, וואָס בעווייזען זיך מאַנכמאָל אויפ'ן הימעל; דען דורך דעם, וואָס מען האָט די לעצטע צייט אויסגעפונען, אַז מאַנכע פון זיי זעהט מען פונקט אין דער צייט, ווען שטיינער פאַלען הערונטער, איז מען דערגאַנגען, פון וואַנען די שטיינער פאַלען.

מאַנכע פון אונזערע לעזער האָבען אפשר שוין אַמאָל געזעהען, ווי עס בעווייזט זיך „אויפ'ן הימעל" אַ וואונדערליך שעהנע פייעריגע פילקע, וואָס לייכט אַזוי העל אונ גלאַנצענד, ווי אַ'ן עלעקטרישעס ליכט.

אַזעלכע פייעריגע פילקעס, אָדער „פייער-קוגלען" — ווי מען רופט דאָס אין די בעשרייבונגען — זעהט מען פון פערשיעדענע גרויס. אַ מאָל זעהט אַזאַ פייער-קוגעל אויס אַזוי גרויס ווי אַ'ן איי, אַ מאָל ווי אַ'ן עפעל, אונ מאַנכמאָל ווי די לבנה. עס טרעפט מאַנכמאָל, אַז אַזעלכע פייער-קוגלען בלישטשען אַזוי שעהן אונ אַזוי העל, אַז ווען דאָס בעווייזט זיך ביי נאַכט, ווערט דערפון אַזוי ליכטיג, ווי אין מיטען טאָג.

געוועהנליך זעהט מען דיזע פייער-קוגלען פליהען מיט אַ שרעקליכער געשווינדקייט, אונ אויפ'ן וועג, וואו זיי לויפען דורך, לאָזען זיי איבער נאָך זיך ווי אַ פייעריגען עק, וועלכער ציהעט זיך ווי אַ וואָלקען פון פייער אונ צוגעהט זיך ענדליך ווי אַ וואָלקען. די קוגעל אַליין ווערט אָפט צושפרונגען אונ זי צופליעהט אין שטיקער פייער פון אַלע זייטען.

מאַנכמאָל טרעפט זיך, אַז ווען די קוגעל ווערט צושפרונגען, הערט זיך אַ שרעקליכער טראַסק, אַזוי ווי הונדערט האַרמאַטען וואָלטען אויסגעשאָסען, אונ ווי מען האָט אין די לעצטע צייט ענט-דעקט, געפינט מען הערנאָכגעפאַלענע שטיינער אויף דער ערד, נאָכדעם ווי אַזאַ פייער-קוגעל ווערט צושפרונגען.

דער בעריהמטער נאַטור-פאָרשער אַלעקסאַנדער פאָן הומבאָלדט דערצעהלט, אַז ער האָט אַמאָל געזעהען אין מיטען העלען טאָג אַ פייער-קוגעל, וועלכע האָט אַזוי פראַכטפאָלל געבלישטשעט, אַז זי האָט פערשיינט דעם פאָרשער'ס צימער.

אין יאָהר 1857, דעם 15-טען פעברואַר, האָט מען אין דער שטאָדט מינכטער געזעהען אַזאַ בלישטשענדע פייער-קוגעל אויפ'ן הימעל אין מיטען העלען טאָג און נאָך עטליכע מינוטען איז זי צו-שפרונגען געוואָרען און אַ שטאַרקער טראַסק האָט זיך געהערט אין שטאָדט.

אין יאָהר 1868 זיינען די איינוואוינער פון דער שטאָדט פולטוסק (וואַרשאַוו. גוב.), איבערראַשט געוואָרען פון אַ שרעקליכען שטורמישען שטיינער-האָגעל, וועלכער האָט געמאַכט אַ רעש, אַזוי, ווי די שטאָדט וואָלט באָמבאַרדירט געוואָרען. טויזענדער שטיינער זיינען אויף די שטאָדט העראָבגעשליידערט געוואָרען. קיין פייער-קוגעל אויפ'ן הימעל האָט מען דאָרט ניט געזעהען. דערפאַר אָבער האָט מען אין דעם זעלבינגען אַבענד געזעהען אין ברעסלוי אַזוי ווי אַ גאַנצען ים מיט פייער, וועלכער האָט מערקווירדיג העל און בריליאַנט געבלישטשעט.

די לעזער, וואָס לעזען מאָגליכע צייטונגען, וועלען זיך ערינערן, אַז ערשט פאַר אונגעפעהר אַ יאָהר-פיער האָט מען גע-מעלדעט וועגען אַ וואונדער-שאָנער פייער-קוגעל, וואָס מען האָט געזעהן אין פערשיעדענע אָרטער אין ניו דזשערזי און אין ניו יאָרק הערום דעם טייך האָדסאָן.

ווענן די פאָרשער האָבען נאָכגעזוכט אין אַלטע ביכער, האָבען זיי געפונען, אַז אַזעלכע פייער-קוגלען — היינט רופט מען זיי „מעטעאָריטען" — האָט מען געזעהען אין אַלע צייטען, זינט מענשען

געדאַנקען. דריי אַזעלכע פייער-קוגלען געפינט מען בעשריבען אין ביכער פון נאָך פאַר דער קריסטליכער צייט-רעכנונג. נאָכהער געפינט מען בעשריבען פיעלע אַזעלכע ערשיינונגען אין יעדען יאָהר-הונדערט. אין 4-טען יאָהר-הונדערט געפינט מען בעשריבען 17, אין 6-טען — 20, אין 10-טען — 29, אין 17-טען — 39 אין 18-טען — איבער 100 און אין 19-טען יאָהר-הונדערט האָט מען אין דורכשניט יעדען חודש געזעהען ערגעץ אַזאַ פייער-קוגעל, ניט ווייל היינט בעוויזען זיך טאַקי מעהר אַזעלכע ערשיינונגען, נאָר ווייל היינט ווייס מען פון אַלע ערשיינונגען אַזעלכע, וועלכע מען זעהט אין אַלע עקען פון דער וועלט, צוליעב די לייכטע פערבינדונגען, וואָס מען האָט היינט — ווי מיר האָבען שוין אין פאָריגען קאַפּיטעל בעמערקט.

*

*

אין די אַלטע צייטען פלעגט מען נאַטירליך מיינען, אַז די דאָזיגע פייעריגע פּילקעס זיינען צייכענס, וואָס קומען אָנזאָגען שלעכטע בשורות. נאָר פאַנאַטישע מענשען פלעגען זיך איינרעדען, אַז דאָס פליהען שדים, רוחות אין דער לופטען. עס איז צו שטוינען, וואָסערע נאַרישע געשיכטען עס זיינען דערצעהלט געוואָרען וועגען דיזע נאַטור-וואונדער! קליגערע האָבען געמיינט, אַז דאָס ווערען שטערן צופלאַצט. נאָר די פאָרשער פון פריהערע יאָהרען האָבען געזאָגט, אַז דאָס זיינען מסתמא פייערן, וואָס צינדען זיך אָן פון זיך אַליין אין דעם זויער-שטאָף פון דער אַטמאָספערע. אַז דיזע פייער-קוגלען האָבען עפעס אַ שייכות מיט די שטיינער, וואָס פאַלען הערונטער פון הימעל, האָט מען פריהער גאָר ניט אָנגעהויבען צו דענקען.

אין יאָהר 1798 האָבען די נאַטור-פאָרשער בראַנדעס און

ליכטענבערג אויסגעמאַכטען, אַז דיזע פייער-קוגלען זיינען האָבער ווי די אַטמאָספערע (די לופט וואָס רינגעלט הערום די ערד), אונ דאָס האָט געוויזען, אַז דאָס קען ניט זיין קיין פייער, וואָס צינד זיך אָן אין דעם זויער-שטאָף פון דער אַטמאָספערע. זיי האָבען געפונען, אַז מאַנכע פון זיי זיינען 150 מייל הויך אונ אַז מאַנכע פון זיי פליעהען אַזוי געשווינד, אַז זיי לויפען איין 50 מייל אין אַ סעקונדע. אונ ווען מען האָט נאַכהער גאָר געפונען שטיינער, וואָס פאַלען הערונטער פונקט ווען דיזע פייערן בעווייזען זיך, האָט מען זיכער געוואוסט, אַז דאָס איז ניט קיין פייער אין דער לופט, פעסטע גליהענדיגע שטאָפען.

---

אַ'ן אַנדער שאָנע סצענע, וואָס מען זעהט „אויפ'ן הימעל" איז די „שטערנשיעסעריי". דאָס האָט שוין געוויס יעדערער אַ מאָל געזעהען. אין יעדען שאָנעם זומער-אָבענד קענט איהר זעהען, ווי אַזוי ווי פון „צווישען די שטערן" לויפט פלוצלינג הערום „איין שטערן", אַזוי דוכט זיך, טהוט אַ לויף דורך, ווי אַ שאָס, ווי אַ בליץ, דורך די לופט, אונ בשעת ער פליהט, זעהט ער אוים ווי אַ פייערדיגע שלאַנג. עס טרעפען אָבער אַ מאָל אַבענדען, ווען מען זעהט ניט בלויז זעלטען וואו ערגעץ „אַ שטערן אויסשיעסען", נאָר עס איז אַזאַ געוואַלדיגע, אַזאַ לעבעדיגע שיעסעריי „צווישען די שטערן אויפ'ן הימעל" (אַזוי דוכט זיך גאָר אַלץ), דאָס עס זעהט עפּעס אוים, אַזוי ווי אַלע שטערן וואָלטען זיך גערירט אונ זיך געביטען מיט זייערע אָרטער.

פראָסטע מענשען מיינען טאַקי, דאָס די שטערן „בייטען זיך", אָדער דאָס די „שטערן פאַלען הערונטער" פון הימעל. די דייטשען רופען דאָס „שטערן שנופּפען".

עס איז וואונדערבאַר זיך צוצוקוקען צו אַזאַ געריכטער

שטערן-שיעסעריי. דער גאַנצער „הימעל" זעהט דעמאָלט אויס, אַזוי ווי עס וואָלטען אויף איהם געשוויבעלד און געגריבעלט פייערדיגע שלאַנגען. מיליאָנען פייעריגע שטריכען פון די שיעסענדע שטערן קרייצען זיך דורך אין אַלע ריכטונגען און עס זעהט עפּעס אויס אַזוי ווי אַ פייערדיגע נעץ וואָלט זיך געהאַלטען אין פלעכטען דאָרט אויבען, פון פייערדיגע פאָדים, און בשעת די פאָדים לויפען אַהין און אַהער, איז אַזאַ בלישטשענדע ליכטיגקייט דאָרטען אויבען, אַז עס איז אַ מחיה צו קוקען.

יידישע ווייבער און ווייבערשע יידען גלויבען, אַז דאָס זיינען טאַקי ריכטיגע שטערן, און אַז דאָס בייטען טאַקי די שטערן איבער זייערע פּלאָטצער. אויך גלויבען זיי, אַז ביי'ם איבערבייטען לויפענדיג איבער'ן וועג, פאַלען מאַנכע פון די שטערן הערונטער, און דאָס זיינען עס די „שטערן-שאָסען" (אַזעלכע שאָנע קיילכעלאַך, אַזוי ווי פון גלאָז), וואָס מען געפינט מאַנכמאָל אויפ'ן פעלד, און וואָס מען האָנגט אָן ביי מעוברת'ע ווייבער אויפ'ן האַלז, כדי זיי זאָלען האָבען אַ גוטע טראָגען און זאָלען בשלום איבערקומען. פרעגט ביי אַ יונגער קליינשטאָדטעלדיגער ווייבעל, וועט זי אייך זאָגען, אַז אַזוי געשווינד ווי זי האָט אָנגעהאָנגען דעם „שטערן-שאָס" איבער איהר בויך, האָט זי באַלד געפיהלט, אַז דאָס קינד האָט זיך איהר „איבערגעדרעהט".

און אַזוי ווי דער המון-עם רעדט זיך איין, אַז יעדער שטערן איז „אַ מזל" פון אַ מענשען, גלויבען זיי, אַז ווען „די שטערן בייטען זיך אַזוי איבער", בייט זיך איבער דער מזל פון פערשיעדענע מענשען, דעריבער בורטשען אַ טהייל פון זיי זעהענדיג אַזאַ „שטערן-שיעסעריי": „ניט מיין מזל, ניט מיין מזל!".

ביי אַנדערע אומות האָט מען געהאַט אַנדערע מינים ווילדע אַבערגלויבערייען וועגען די „שטערן-שיסערייען". די ליטווישע גוים, למשל, גלויבען, אַז אַ גאָטינע אין הימעל וויקעלט יערען מענשענ'ס

לעבען ווי אַ קנויל פּאָדים, און ווען דער פּאָדים רייסט זיך איבער, שטאַרבט דער מענש, און דאָס שיעסען פון די שטערן — דאָס רייסט די אַלטע גאָטליכע איבער לעבענס-פּאָדים, און ווען עס איז אַ געדיכטע שטערן-שיעסעריי, ווערען אַ מאַסע לעבענס-פּאָדים איבערגעריסען און עס איז אַ סימן, אַז עס וועט ערגעץ-וואו זיין אַ מגפה, ניט טרעפען זאָל זיך עס!

אָבער אויך דיזע אַלע איבערגלויבעריען וועגען די שטערן-שיעסע-רייען זיינען געוועזען נאַטירליך, אַזוי לאַנג ווי מען האָט געמיינט, אַז דאָס זיינען גאַנץ אומרעגעלמעסיגע, צופעליגע ערשיינונגען.

און אויך ביי דיזען נאַטור-וואונדער האָט די וואַהרע נאַטור-פאָרשונג ערשט געקענט דערגעהן אַ טאָלק, ווען די פערבינדונג פון אַלע ווינקעלאַך פון דער וועלט איינע מיט די אַנדערע דורך פּאָסט, טעלעגראַפען, דאַמפּף-שיפען און אייזענבאַהנען, האָט מעגליך געמאַכט צו דערגעהן דעם צוזאַמענהאַנג פון אַ סך אַזעלכע ערשיינונגען.

צולעצט וועלען מיר דערמאַהנען נאָך איין וואונדערליכע ערשיינונג „אויפ'ן הימעל" — די קאָמעטען. אויך דאָס האָבען שוין פיעלע פון די לעזער מסתמא געזעהען. דאָס זיינען שטערן מיט לאַנגע פייערדיגע עקען, וועלכע בעווייזען זיך מאַנכמאָל אויפ'ן הימעל. עס זיינען דאָ פערשיעדענע קאָמעטען מיט פערשיעדענע פאָרמען פון זייערע עקען.

אויך אין דעם האָט מען ערשט די לעצטע צייט אויסגעפונען אַ רעגעלמעסיגקייט, אַזוי, אַז די אַסטראָנאָמען זאָגען פאָראויס, ווען אַזאַ קאָמעט וועט זיך בעווייזען, און עס ווערט פינקטליך מקוים.

איידער אָבער מיר וועלען ענדליך צוקומען צו דער ערקלערונג, וואָס די נאַטור-וויסענשאַפט גיט היינט וועגען דעם אַלעם, מוזען מיר וועניגסטענס מיט עטליכע שורות געבען דעם גאַנץ אונגעלערנטען לעזער האָטש אַ'ן אויבערפלעכליכען בעגריף וועגען די שטערן און

דעם הימעל בכלל. דאָס, וואָס מיר וועלען דאָ ערקלערען, איז אפילו פֿיר יערען מענשען, וואָס האָט נאָר ווען עס איז אַ מאָל עפּעס געלערנט פֿון וויסענשאַפֿט, פּראָסט א׳-ב׳, אונ אַזעלכֿע לעזער וועלען עס געפֿינען פֿיר איבּריג, וואָס מען דאַרף דאָס ערשט ערקלערען. זיי וועלען אויף דעם פֿרעגען „מאי קמשמע לן?“ אָבער נאָך מיין איבערצייגונג, דאַרף אַ שרייבּער אין יידיש אימער אין זינען האָבּען די יעניגע יידישע מאַסען, פֿיר וועלכֿע אפילו דער א׳-ב׳ פֿון נאַטור-וויסענשאַפֿטען איז אויך אַ׳ן אונערהאָרטע נייעס, אונ מען דאַרף זעהען אויף זיי אויך רחמנות האָבּען אונ צו שרייבּען אַזוי, אַז זיי זאָלען אויך וויסען, וואס מען רעדט. יידישע זשורנאַ׳לען אונ וויסענשאַפֿט׳ליכֿע ביכֿער דאַרפֿען אין זינען האבּען דעם גאַנץ פּראָסטען עולם, וואָס מוז שעפּען זיין וויסענשאַפֿט נאָר פֿון יידיש, צו בעלעהרען פֿון דעם סאַמע א׳-ב׳ פֿון דער וויסענשאַפֿט.

לאָ׳מיר אַלזאָ געבּען אַ שטיקעל א׳-ב׳.

---

III.

# דרדקי אסט־אנאמיע.

ווען מען קוקט אויפֿ׳ן הימעל דאַכֿט זיך אויס, אַז דער גאַנצער ים מיט שטערן איז אויסגעשפּרייט ווי אויף איין פּלאַכֿטע. דער „הימעל“, דאַכֿט זיך, איז די קיילעכֿדיגע פּלאַכֿטע, וואָס איז אויס־געשפּרייט הערום די גאַנצע וועלט, אונ די שטערן זיצען אַלע ווי איינגעפֿאַסט אין דיזער פּלאַכֿטע, איין שטערן ניט העכֿער אונ ניט ניעדעריגער ווי דער אַנדערער. אונ די שטערן-שיעסערייען אונ קאָמעטען אונ אַ טהייל פֿון די פֿייער-קוגלען דאַכֿט זיך אויך, אַז

מען זעהט זיי אַלץ אויף דעם זעלבען שטח וואו אַלע שטערן, אַלץ אויף דער זעלבער הימלישער פלאַכטע.

אָבער דאָס איז נאָר לויט ווי עס האָט זיך געדוכט דעם קינדערשען פערשטאַנד אין די קינדער-יאָהרען פון דער מענשהייט, ווען מען האָט זיך נאָך געלאָזט אָבנאַרען פון דעם דוכטען זיך. אונזערע אויגען נאַרען אונז אימטער אָב אין ווייטע זאַכען. ווען איהר קוקט הערויף אויף אַ הויכען באַרג, דאַכט זיך אייך, אַז דער שפּיץ פון דעם באַרג איז לעבען הימעל אונ ווען איהר וואָלט געוועזען אויבען, וואָלט איהר נאָר געברויכט אויסצוציעהען די האַנד, וואָלט איהר געקענט אָנכאַפּען מלאכים ביי די פיס. ווען איהר קומט אָבער הערויף, זעהט איהר ערשט, אַז איהר זייט דאָרטען פונקט אַזוי ווייט „פון הימעל”, ווי איהר זייט געוועזען אונטען.

ווען מען לאָזט פליעהען ביי נאַכט אַ פאַפּיערענעם באַלאָן מיט אַ ליכטעל אינווייניג אונ דער באַלאָן פליעהט זעהר, זעהר הויך, דאַכט זיך אָפּט — בעזאָנדערס ווען עס קומט אוים צו שטעהן מיט'ן קאָפּ פונקט אונטער דעם באַלאָן — אַז דאָס ליכט פון דעם באַלאָן איז אַ שטערן אונ געפינט זיך צווישען אַלע שטערן. אין אמת'ן אָבער איז דער באַלאָן פערהעלטניס-מעסיג אַזוי גוט ווי גאָר ניט ווייטער אפילו צום ניעדעריגסטען שטערן, ווי מיר, וואָס דרעהען זיך הערום אונטען, זיינען.

ווען איינער געהט אין אַ גאַנץ לאַנגער, זעהר גלייכער גאַס אונ קוקט אויף אַ לאַנגע שורה גאַז-לאָמפען וואָס שטעהען פאַר איהם אין אַ גלייכער ליניע, קען ער בלויז זעהן ווי די ערשטע לאָמפען ווייטער [illegible] דער אַנדערער; די ווייטערע לאָמפע זעהען אויס, אַזוי ווי זיי [illegible] וועלען אַ [illegible] אין קופה, גאַנץ נאָהענט איינע צו דער [illegible]. ווי [illegible] די לאָמפען זיינען אַוועק פון אונז, אַלץ ווייניגער [illegible] ביי זיי עפּעס אַ ווייטקייט איינע פון דער אַנדערער.

פונקט דאָס זעלביגע איז מיט די שטערן: ווייל זיי זיינען אַלע אזוי ווייט פֿון אונז, דאַכט זיך אונז אוים, אַז זיי זיצען אַלע איינגע-פֿאַסט אין איין שטח, „אין הימעל" — אַז אין זייער ווייטקייט פֿון אונז איז קיין אונטערשיעד ניט צווישען זיי, אונ — אַז די שטערנ-שיעבערייען קומען טאַקע אויך פֿאַר צווישען די שטערן, אַלץ אויפֿ'ן זעלבען אָרט „דאָרט אויבען", „אויפֿ'ן הימעל".

אין אמת'ן אָבער איז קיין הימעל, ווי די מענשען שטעלן זיך פֿאָר, גאָר ניט דאָ. דאָס בלויע, וואָס מיר זעהען, איז ניט מעהר נאָר ווי דער קאָלאָר פֿון דער לופֿט. די ליכט-שטראַהלען, ווען זיי געהען דורך די לופֿט, בראָכען זיך פונקט אויף אַזאַ אַרט, ווי די ליכט-שטראַהלען, וואָס שלאָגען זיך אָב אָן אַ בלויען קאָלאָר, דעריבער מאַכען זיי אויפֿ'ן וועג דעם זעלבען איינדרוק, ווי אַ בלויער קאָלאָר. די בלויקייט זעהען מיר אָבער נאָר אויפֿ'ן ענד פֿון דער ווייטקייט, וואָס אונזער זעה-קראַפֿט קען דערגרייכען. (ניט דאָ איז דער פלאַץ דאָס צו בעווייזען אונ ערקלערען).

די „שרעקליכע" פֿראַגע, „וואָס איז אויבען אונ וואָס איז אונטען, וואָס איז פֿאָרנט אונ וואָס איז הינטען"? (מה למעלה ומה למטה, מה לפנים ומה לאחור), דיזע פֿראַגע איז היינט גאָר קיין פֿראַגע ניט. היינט ווייס מען, אַז עס איז ניט מעהר דאָ ווי אַ פוסטקייט, אַ ליידיגער רוים, אָהן אַ'ן ענדע; אַקוראַט אַזוי ווי עס איז דאָ הערום אונז אין דער לופֿט. (נאָר ניט אומעטום איז דאָ אַזאַ לופֿט מיט אַזעלכע שטאָפֿען אין איהר, ווי אין אונזער לופֿט דאָ). עס איז אַ פוסטקייט אָהן אַ'ן ענדע, אונ די אַלע שטערן, וואָס מיר זעהען, ווי אויך די זונ אונ די לבנה, זיינען גאַנצע וועלטען, קיילעכדיגע ווי עפעל, אונ זיי שוועבען הערום אין דער פוסטקייט, יעדער אויף אַ גאַנץ בעזונדערן פלאַץ. פֿון איין שטערן צום אַנדערן, אפילו צו דעם, וואָס זעהט אונז אויס צו זיין דער נאָהנטסטער צו איהם, איז

אָפּט נאָך אַ סך ווייטער, ווי פון אונז צו דעם ערשטען שטערן. איין שטערן קען אויסזעהן אַזוי ווי צוזאַמען-געקלעבט מיט'ן אַנדערן, אַזוי ווי צוויי מטבעות, וואָס ליעגען איינע אויף דער אַנדערער, אונ אין אמת'ן קען גאָר זיין, אַז פון דעם אונטערשטען פון די צוויי שטערן ביז דעם אויבערשטען פון זיי, איז הונדערט מאָל ווייטער, ווי פון אונז ביז צו דעם אונטערשטען שטערן. עס זיינען ניטאָ פיעלע שטערן, וואָס זאָלען זיין אַ סך נאָהענטער איינע צו די אַנדערע, סיי אין הויך, סיי אין ווייטקייט, ווי אונגעפעהר עס איז פון דער ערד ביז צו דער לבנה.

יעדער שטערן איז אַזאַ וועלט, ווי אונזער ערד, אונ אונזער ערד איז אַזאַ שטערן, ווי אַלע שטערן. זיי אַלע שוועבען הערום אין דער פוסטקייט, דערווייטערט איינע פון די אַנדערע.

מיר קענען דאָס אַלץ דאָ ניט בעווייזען אונ ערקלערען, ווי עס ווערט ערקלערט אונ בעוויזען פון דער וויסענשאַפט אַזוי זיכער, ווי אַז צוויי מאָל צוויי איז פיער. דאָס איז דאָ ניט אונזער ענין. מיר בעריהרען פון דעם אַלעם דאָ נאָר אַזוי פיעל, וויפיעל עס איז נויטיג, דאָס אפילו דער אונגעלערנסטער לעזער זאָל פערשטעהן, אַז ווען מען זאָגט, דאָס די שטערנ-שיעסערייען אונ די פייער-קוגלען זיינען „צווישען די שטערן", האָט מען נאָך גאָר ניט געזאָגט וואו. אַלץ איז „צווישען די שטערן", מיר זיינען אַליין אויך „צווישען די שטערן", ווייל אונזער ערד איז אַ שטערן ווי אַלע שטערן אונ זי איז ניט ווייטער פון אַנדערע שטערן, ווי אַנדערע שטערן זיינען ווייט איינע פון די אַנדערע.

אונ די „שיעסערייען פון די שטערן", וואָס מיר זעהען „אויפ'ן הימעל", זיינען אויך ניט אַלע אויף איין אָרט.

דאָך, די געדיכטע שטערנ-שיעסערייען קומען יאָ פאָר אַלע מאָל אויף איין אָרט, דאָס האָבען די פאָרשער אויסגעפונען אין די לעצטע צייטען אונ פון דעם האָט מען אָנגעהויבען צו דערגעהן, וואָס דאָס

איז אַזעלכֿעס. אונ דאָ קומען מיר שוין ענדליך צו דער ערקלערונג פֿון די אַלע ערשיינונגען.

IV.

# די ערקלערונג.

ווען די פֿאָרשער ווילען אָנהייבען אויסצופאָרשען עפעס אַ זאַך, וואָס בעוויזט זיך אין דער ווייטער פוסטקייט הערום אונז („אויפֿ'ן הימעל", ווי עס רעדט זיך) — סיי אויבען, סיי אונטען, סיי פֿאָרנט, סיי הינטען — הייבען זיי די ערשטע זאַך אָן צו בעטראַכֿטען, ווען אונ וואו בעוויזט זיך דאָס. אונזער ערד פֿליעהט הערום אין דער פוסטקייט, אין אַ'ן עגול הערום דער זונן. אין אַ יאָהר פֿליעהט זי הערום דעם גאַנצען עגול. אונ ווען מען ווייס ווען אַ זאַך בעוויזט זיך אין דער פוסטקייט, דאָס הייסט אין וועלכֿע צייט אין יאָהר אונזער ערד בעגעגענט זיך, דערמיט וויים מען שוין וואו, דאָס הייסט אין וועלכֿע געגענדען פֿון דער פוסטקייט, מען בעגעגענט זיך דערמיט אונ מען קען שוין נאָכֿזוכֿען, מיט וועלכֿער אַנדערער הימעל-ערשיינונג דאָס איז אין פֿערבינדונג אונ וואָס דאָס קען זיין.

ווען די חכמים האָבען גוט נאָכֿגעפֿאָרשט וועגען דער שטערנ-שיעסערייַ האָבען זיי הערויסגעפֿונען, אַז חאָטש מען קען זעהען אַזעלכֿעס יעדע נאַכֿט, זיינען אָבער דאָ געוויסע צייטען אין יאָהר, ווען מען זעהט דאָס גאַנץ בעזונדערס שטאַרק אונ אַ סך. די שטערנ-שיעסערייען, וועלכֿע מען קען זעהען יעדע נאַכֿט, האָבען די וויסענ-שאַפֿטס-לייט אַ נאָמען געגעבען „ספּאָראַדישע שטערנ-שנופּען", אונ די וואָס מען זעהט גאָר שטאַרק אונ מאַסענ-ווייז, אין געוויסע צייטען פֿון יאָהר, רופֿען זיי „פּעריאָדישע שטערנ-שנופּען". ווי פּראָפֿעסאָר ניוטאָן פֿון יעיל-קאָללעדזש אין ניו-הייווען, זאָגט, זעהען זיך יעדען טאָג ביז 7 מיליאָן אַזעלכֿע ליכֿט-פּונקטען הערומפֿליעהען אין דער

הויך. אָבער די פעריאָדישע שטערנ-שנופּפען זיינען גאָר כחול הים און זיי לייכטען אַ סך שאָנער ווי די ספּאָראַדישע.

ווייטער האָבען די חכמים אויסגעפונען, אַז יעדעס יאָהר פונ'ם 9-טען ביז'ן 12-טען אויגוסט קומען פאָר זעהר אַ סך פעריאָדישע שטערנ-שנופּפען. און דיעזע אַלע פליעהענדע פונקען לויפען המיד הערוים פון איין געוויסען פלאַץ אין דעם וועלטענרוים און זיי פליעהען המיד אויף איינעם און דעם זעלביגען וועג. די ספּאָראַדישע שטערנ-שנופּפען קומען וויעדער פון אַ בעזונדערער געגענד און לויפען גאָר אַ בעזונדערער וועג.

אָבער אַ חוץ די פעריאָדישע שטערנ-שנופּפען פון מאָנאַט אויגוסט, וועלכע בעוויזען זיך פאַר אונז יעדען יאָהר, האָט מען אָפטמאָל געזעהען זעהר שטאַרקע שטערנ-שנופּפען אין דער צייט פונם 11-טען ביז'ן 14-טען נאָוועמבער.

ווען די געלעהרטע האָבען גענומען אויספאָרשען, ווי אָפט דאָס קומט פאָר, האָבען זיי געמאַכט אַזאַ חשבון: — היות, אַזוי ווי אַלעקסאַנדער פון הומבאָלדט האָט געזעהען די שטערנ-שנופּפען פון מאָנאַט נאָוועמבער אין יאָהר 1799, און אַזוי ווי עס ווערט דערצאָהלט, אַז מען האָט געזעהען אַזעלכעס אין יאָהר 1766 און אַזוי ווי אין 1831 האָט מען דאָס וויעדער געזעהען, איז אפשר גאָר מעגליך, אַז דאָס בעוויזט זיך גאַנץ רעגעלמאָסיג אַלע 33 ביז 35 יאָהר. די חכמים האָבען גענומען נאָכזוכען אין אַלטע בעשרייבונגען און זיי האָבען ווירקליך הערויסגעפונען, אַז אַלע 33 ביז 35 יאָהר האָט זיך בעוויזען אין מאָנאַט נאָוועמבער אַ שטאַרקער שטערנ-שנופּפען, און ווי גרויס איז נאָך געווען די שמחה פון די פאָרשער, ווען 35 יאָהר נאָך 1831, דאָס איז אין 1866, האָט זיך טאַקע אויך בעוויזען אַ געוואַלדיגער שטערנ-שנופּפען צווישען 11-טען און 14-טען נאָוועמבער! דאָ איז שוין געווען גאָר זיכער, אַז די

„שרעקליכע" אותות-השמים (הימעל-צייכענס), בעווייזען זיך גאר גאנץ רעגעלמעסיג, אזוי ווי די זונן מיט די לבנה און די אנדערע שטערן!

דיזע רעגעלמעסיגקייט פון דעם בעווייזען זיך פון דער שטערנ-שיעסעריי איז פיר די פארשער שפעטער געווארען דער שליסעל פיר די ערקלערונג פון דעם גאנצען וואונדער.

די ערקלערונג פון דיזע אלע וואונדער איז ערשט אין גאנצען אלט א יאהר 30. זי שטאמט פון דעם איטאליענישען אסטראנאם סקיאפארעללי.

מיר קענען דא ניט פערקריכען אין די טיפע דרכים, אויף וועלכע דיזער וואונדערבארער פארשער פיהרט צו זיין ערקלערונג און בעווייזט זי. מיר קענען דא בלויז איבערגעבען גאנץ בקיצור און איבערפלאכיך ווי אזוי די זאך איז ערקלערט געווארען:

יעדער שטערן איז אזא וועלט ווי אונזער ערד. אויך בעשטעהען אלע שטערן פון די זעלביגע שטאפען, אונגעפעהר, ווי אונזער ערד: יעדערער איז א שטיק שטאף. אבער די גרויס פון די אלע וועלטען, פון די אלע שטיקער שטאף, איז זעהר פערשידען. דער פלאנעט-שטערן (כבב-לכת) יופיטער, צום ביישפיעל, איז גרויס 80 טויזענד מייל אין דיאמעטער (די דיק); עס איז אבער דא א שטערן, וועלכען די אסטראנאמען האבען א נאמען געגעבען קליא, וואס איז נאר גרויס 16 מייל אין דיאמעטער. און יעדער פון דיזע וואנדערנדע שטיקער שטאף, אדער שטערן (פלאנעטען), סיי גרויס סיי קליין, געהט זיך זיין רעגעלמעסיגען וועג הערום דער זונן און בעגעגענט זיך מיט אונז, די ערד-בעוואוינער, אין רעגעלמעסיגע צייטען אויף רעגעלמעסיגע בעגעגעניסען. היינט ווי באלד אז אונזער ערד דרעהט זיך אין א רעגעלמעסיגען קאדריל מיט אזוי פיעלע פערשידענע וואונדערבארע שטערן, מיט שטיקער שטאף פון אזוי ווייט פערשידענע

גרויסקייט — איינער 80 טויזענד מייל, דער אַנדערער 16 מייל, — פֿאַרוואָס-זשע זאָלען מיר זיך ניט קענען פֿאָרשטעלען, אַז עס וואַנדערן אַזוי הערום אין דער פּוסטקייט אויך גאַנץ קליינע שטיקער שטאָף, וועלכע זיינען אפשר אַזוי פֿיעל קלענער פֿון דעם קליאָ, ווי דער קליאָ איז קלענער פֿון דעם יופּיטער? און די שטערן-שיעסערייען, און די פֿייער-קוגלען זיינען אפשר טאַקי אַזעלכע ברעקלאַך שטערן, אַזעלכע קליינינקע וועלטעלאַך, וועלכע געהען זייער רעגעלמאָסיגען גאַנג אויף אַזאַ וועג, אַז זיי קומט אויס זיך צו בעגעגענען מיט אונזער ערד אין די אויבען-דערמאָהנטע צייטען?

סקיאַפּאַרעללי האָט בעוויזען, אַז דאָס איז טאַקע אַזוי!

דער לעזער וועט שוין יעצט אפשר האָפען שכל און זאָגען: אַהאַ, איך פֿערשטעה שוין! די שטיינער, וואָס פֿאַלען פֿון הימעל זיינען אויך אַזעלכע קליינע וועלטעלאַך!

אָבער האַפּט נאָך ניט! פֿון וואַנען קומען אָבער אַזעלכע געדיכטע שטערן-שיעסערייען? פֿאַרוואָס בעווייזען זיי זיך אַזוי פֿיעל אויף אַ מאָל? און פֿאַר-וואָס פֿליהען זיי אַזוי פֿיעל שנעלער ווי אַנדערע שטערן?

סקיאַפּאַרעללי ערקלערט דאָס אַזוי:

אונזער ערד, למשל, איז דאָך אַ שטיק צוזאַמען-געפּרעסטער שטאָף. אַזוי זיינען אויך אַלע געוואָהנליכע שטערן. אָבער עס געפֿינען זיך אין דער אונענדליכער וועלטען-פּוסטקייט אַזעלכע שטערן, וואָס זייער שטאָף איז ניט אַזוי צוזאַמענ-געפּרעסט, נאָר זיי זיינען אַזוי ווי אַ צובּרעקעלטער באַרג, אַזוי ווי אַ וואָלקען, אַ דיקער שטויב פֿון לויטער שטיקער שטאָף, שטיין, מעטאַל. סקיאַפּאַרעללי רופֿט דאָס „קאָסמישע וואָלקענס". הונדערטער, טויזענדער, צעהנער טויזענדער און אפשר מיליאָנען יאָהרען קען זיך אַזאַ „קאָסמישער וואָלקען", אַזאַ גאַנצע מחנה מיט שטיקער שטאָף, הערומשוועבען צוזאַמען, אין אַ געוויסען גאַנג, אַזוי ווי די לבנה און די ערד און אַלע פּלאַנעטען געהען הערום

אין געוויסען גאַנג. ווען אַזאַ „קאָסמישער וואָלקען" געהט נאָך צו־זאַמען, מיט אַלע זיינע טהיילען אין איין מחנה, בעוויזט ער זיך אַלס קאָמעט. (די ליכטיגקייט פון אַלע פלאַנעטען קומט פון דעם, וואָס די זונן בעשיינט זיי. אונזער ערד וואָלטען מיר אויך געזעהען אַלס אַ ליכטיגען שטערן, ווען מיר וואָלטען געשטאַנען, למשל, אויף דער לבנה און געקוקט אויף זי). אָבער עס טרעפט אַ מאָל, דאָס אַזאַ „קאָסמישער וואָלקען", אָדער קאָמעט, שטויסט זיך אָן אָן אַ פלאַנעט. דעמאָלט צופליהען זיך די שטיקער פון דעם שטויב־וואָלקען און דער וואָלקען ווערט שיטערער. און ווען אַזאַ שיטערער קאָסמישער שטויב־וואָלקען בעגעגנט זיך אין זיין רעגעלמאָסיגען גאַנג נאָהענט מיט אונזער ערד, זעהען מיר זיינע שטיקער הערומפליהען און הערומשוועבען, ווי שטיקער פייער, און דאָס זיינען די שטערנ־שיעסערייען, וואָס מיר זעהען.

סקיאַפאַרעללי בעוויזט דאָס אַלץ מיט אַזעלכע קלאָרע חשבונות, לויט דעם גאַנג פון דער ערד און פון געוויסע פלאַנעטען, און לויט דער צייט, ווען מען זעהט די אַלע הימעל־וואונדער, און זיינע חשבונות זיינען מאַטהעמאַטיש אַזוי גענוי ריכטיג, אַז עס איז שוין היינט ניט דאָ קיין איין פאָרשער, וואָס זאָל נאָך זיין מסופק אין דעם.

יעצט האָבען זיך שוין געבילדעט פיעלע השערות אויף דעם גרונד פון דיזער ענטדעקונג. געוויסע געלעהרטע מיינען, אַז עס קען זיין, דאָס אויף דיזען וועלטענ־שטויב האָט זיך צום ערשטען געבילדעט לעבען, און הערומפאַלענדיג אויף דער ערד האָבען דיזע מעטעאָר־שטיינער געבראַכט אַהער דאָס לעבען.

אַנדערע פאָרשער מיינען, אַז די דיאַמאַנטען האָבען אונז דיזע גאָסט אַהער געבראַכט, ווען מען געפינט טאַקע דיאַמאַנטען אין זיי.

פראָפעסאָר נאָרדענסקיעלד מיינט, אַז די גאַנצע ערד אונזערע איז גאָר אפשר אַזאַ קופה האָגעל־שטיינער, וועלכע האָבען זיך אָנגעקליבען אין פערלויף פון מיליאָנען יאָהרען. ער בעוויזט, אַז יעדעס יאָהר קריגט

די ערד צו פֿון דיזע קאָסמישע שטאָפֿען וועניגסטענס 10 מיליאָן טאָנען.

ווי די מעשה איז — בכך-הכל איז יעדענפֿאַלס זיכֿער, אַז די אונענדליכֿע פֿוסטקייט איז פֿול מיט הערומפֿליעהענדען שטאָף, גראָסערע שטיקער, ווי אונזער גאַנצע „וועלט" (ערד), קלענערע שטיקער, גאַנץ קליינע ברעקלאַך; אונ דיזע שטיקער שטאָף שוועבען הערום אויף געוויסע וועגען אין פֿערלויף פֿון געוויסע צייטען, — מאַנכֿע מיליאָנען יאָהרען, ווי אונזער ערד, אַנדערע עטליכֿע יאָהר, — וואָס פֿיר די איביגקייט איז דאָס גאָר קיין נפֿקא-מינה ניט. דערנאָך צופֿאַלען זיי אָדער פֿערענדערן זייער לויף. מיט אונזער גרויסען „מעטעאָר", מיט די ערד, וועט אויך אַמאָל אַזעלכֿעס פֿאַסירען. נאָר פֿיר אונז, מענשען, איז ניט וויכֿטיג צו טראַכֿטען וועגען דעם. מיר קענען זיך נאָך פֿריהער גוט אויסשלאָפֿען. מיר קוקען פֿון אונזער שטאַנד-פֿונקט, אונ פֿיר אונז איז די ערד, אַ וועלט, אונ „מעטעאָר", אָדער האָגעל-שטיין, רופֿען מיר נאָר אַזאַ ברעקעל וועלטענ-שטאָף, וואָס פֿליעהט פֿאַרביי אונזער ערד אָדער פֿאַלט העראָב אויף איהר.

ווי אַזוי צינדעט זיך אַזאַ מעטעאָר אָן אונ ווערט אַ פֿייער-קוגעל אונ צושפּרינגט מיט דונער אונ בליטץ? מאַנכֿע ערקלערען, אַז אין זייער אונגעהייער שנעלען פֿליעהען, ווען זיי דערגרייכֿען די אַנציעהונגס-קראַפֿט פֿון דער ערד, רייבען זיי זיך אַזוי שטאַרק אין דער לופֿט, אַז זיי ווערען אָנגעגליהט. ריכֿטיגער איז דיזע ערקלערונג: אין די מעטעאָרען איז דאָ וואַסער-שטאָף; ווען זיי דערגרייכֿען די לופֿט פֿון הערום דער ערד אונ טרעפֿען זיך מיט דעם זויער-שטאָף אין איהר, פֿעראייניגט זיך זייער וואַסער-שטאָף כֿעמיש מיט דעם זויער-שטאָף; פֿון אַזאַ כֿעמישער פֿערבינדונג קומט הערויס, ווי בעוואוסט, „שיעס-גאַז"; דאָס צושיעסט די מעטעאָרען אונ גליהט זיי אָן.

אָן די האָגעל-שטיינער דערקענט מען דייטליך, אַז זיי זיינען געווען געשמאָלצען, ווי מיט געשמאָלצענעס מעטאַל.

---

דיזע מיינונג איז אויף גאַנץ קלאָהר בעוויזען געוואָרען, ווען מען האָט שוין זעהר אַ סך מאָל שטאַרק גענוי נאָכֿגעזוכֿט, וואו געוויסע קאָמעטען האָבען זיך בעוויזען, אונ ווען מען האָט אויסגערעכֿענט, ווען דיזע

קאָמעטען דאַרפען זיך ווידער בעווייזען און אויף וועלכען אָרט זיי דאַרפען
... ווייזען, און ... האָט פּונקט אויף דעם אָרט און פּונקט אין דער
גלייכער צייט גאָר גענוג זען שטערן-שנופּען. אויך האָט מען אויסגעפונען,
אַז אין דער זעלבער צייט און אויף דעם זעלבען אָרט, וואו פריהערע
פלעגען זיך רעגעלמעסיג בעוויזען גרויסע קאָמעטען, האָט
מען דאָרט שפּעטער אויפגעהערט צו זעהן קאָמעטען און מען זעהט
דאָרט יעצט פּונקט אַזוי רעגעלמעסיג שטערן-שנופּען.

הכלל, היינט איז שוין קיין שום צווייפעל ניט, אַז די קאָמעטען, פייער-קוגלען, שטערן-שיעסערייען און די שטיינער-האָגעלס זיינען אַלע די זעלבינע זאַך: — דאָס זיינען די „קאָסמישע וואָלקענס", אָדער וועלטען-שטויב, וועלכע שוועבען הערום אויף בעשטימטע פּלעצער אין אונענדליכען פוסטען וועלטען-רוים.

איך וועל ענדיגען מיט אַ וואונדערבאַרער געשיכטע וועגען דעם: אין דעם אָבענד פון 12-טען יאַנואַר, 1897, האָט זיך אין בעהמען און אין די לענדער הערום בעוויזען אַ מאַסען-ווייזע שיעסעריי. דערנאָך האָט מען געזעהן צוויי וואונדערבאַר פּראַכטיגע פייעריגע פילקעס, אָדער „מעטעאָרען", די שטאָדט פּראַג איז געוואָרען אַזוי פּראַכטפאָלל העל בעלויכטען פון די צוויי פייער-פילקעס, ווי פון עלעקטרישע לאָמפּען. עס איז געוואָרען ליכטיג ווי אין מיטען טאָג, דערנאָך האָט מען געזעהן אויפ'ן הימעל לויפען צו מערב-זייט צו אַזאַ שאָנעם ליכטיגען שטערן, אונגעפעהר אַזוי גרויס ווי די לבנה; פּלוצלינג איז דיזער שטערן פערלאָשען געוואָרען און עס האָט זיך געהערט אַזאַ געוואַלדיגער דונער, אַזוי ווי די וועלט וואָלט זיך איבערגעקעהרט. די הייזער האָבען געציטערט און מענשען זיינען אומגעפאַלען פון דעם טראַסק. אין דער שטאָדט ראָסטאָק, אַ מייל ווייט פון פּראַג, זיינען פענסטער אויסגעבראָכען געוואָרען און טירען האָבען זיך געעפענט פון דעם שרעקליכען טראַסק. אויף מאָרגען האָט מען געפונען אין די פעלדער גרויסע האָגעל-שטיינער!